קאָמיסיִע באַם צ. א. ק. פֿון ווייסרוסלאַנד צו פּייערן
דעם 20־יאָריִקן יובילייַ פֿון דער רעוואָלוציע פֿון 1905 יאָר.
היספּאַרט באַם צ.ק. ק.פּ.וו.

---

# 1905
## — יאָר —
# זאַמלבוך פאַר שולן.

---

מינסק — 1925

# די ערשטע רוסלענדישע רעוואלוציע.

I.

וועגן דער אקטיאַבררעוואָלוציע ווייסן שוין אַלע קליינע קינדער, אַלע ווייסן, אַז דאַמאָלסט האָט דער אַרבעטערקלאַס אין רוסלאַנד בייגעקומען זיינע סאָנים און האָט גענומען די מאכט אין זיינע הענט.

אָבער ניט אַלע ווייסן, אַז איידער דער אַרבעטערקלאַס פון רוסלאַנד האָט אָפגעהאלטן זיין גרויסן ניצאָכן אין אָקטיאבער, האָט ער לאַנגע, לאַנגע יאָרן געקעמפט און געליטן. דער וועג צום אָקטיאבר־ניצאָכן איז אויסגעבעט מיט ביינער פון צענדליקער טויזנט קאָרבאָנעס, וועלכע האָבן פאַרגאָסן זייער בלוט פאַר דער באַפרייונג.

מיר טאָרן ניט פאַרגעסן דידאָזיקע קעמפער. מיר דאַרפן היילין האַלטן זייער אָנדענק, אָן זייערע יִסורים, אָן זייערע באמיִונגען, אָן זייער קאַמף, אָן זייער העלדנמוטיִקן טויט וואָלט אונדזער ניצאָכן געווען אומעגלעך.

לאַנג האָט זיך געצויגן דער קאַמף. קליינע טאָגטעגלעכע צוזאמענשטויסן, גרויסע שטורמדיִקע שלאַכטן, שטילשטאַנדן, ווייטער צוזאַמענשטויסן, קליינע פונקען און געוואַלטיִקע סרייפּעס—אַזוי האָט זיך געצויגן די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג אין רוסלאַנד, ביז וואַנען דער ארבעטערקלאַס האָט געזיגט.

האַיאָר ווערט 20 יאָר, זיִנט יענעם גרויסן רעוואָלוציאָנערן שטורעם, ווען די אַרבעטער און פויערים פון רוסלאַנד זיינען געגאַנגען אין די ערשטע גרויסע אטאַקעס קעגן זייערע סאָניִם, ווען ס'האָבן אופגעקאָכט די געוואַלטיקע שלאכטן פאַר דער באַפרייונג פונם אַרבעטנדיקן פאָלק. דידאָזיקע צייט רופט מען אָן—די רעוואָלוציע פון 1905 יאָר—די ערשטע רוסלענדישע רעוואָלוציע.

פון דער רעוואָלוציע ווייסן די, וועלכע האָבן אין יענער צייט געלעבט; מער פון אלעמען ווייסן די, וועלכע האָבן אין דער ערשטער רעוואָלוציע אַנטייל גענומען, דאָס זיינען אין גרעסטן טייל די אַרבעטער, אָנגעפירט פון אונדזער קאָמוניסטיִשער פאַרטיי (א מאָל האָבן מיִר געהייסן „באָלשעוויקעס”).

## .II

אין יענער צייט זיינען די באַלעבאַטים פֿון לאַנד ניט געווען קיין אַרבעטער און פּויערים, עס זיינען ניט געווען קיינע ראַטן, נאָר דער באלעבאָס איבערן גאַנצן לאַנד איז געווען איין מענטש, אַ קייסער, געהייסן האָט ער ניקאָלאַי דער צווייטער. אים צוהילף זיינען געווען עטלעכע טויזנט פּריצים און גענעראַלן. אין לאַנד האָבן זיך געפֿונען איבער 150 מיליאָן אַרבעטער און פּויערים, וועלכע האָבן קיין שום דייע ניט געהאַט. שווער האָט זיך געלעבט דעם אַרבעטערקלאס—געליטן מער פֿון אלעמען, געאַרבעט אין פֿאַבריקן, זאוואָדן און וואַרשטאַטן אַ 12—15 שאָ אַ טאָג. אַזוי לאַנג פֿלעגן אַרבעטן אויך קליינע קינדער. פֿאַרדינען פֿלעגט מען גראָשנס. די אַרבעטער האָבן געלעבט אין גרויס אָרעמקייט, האַלבהונגעריקע, געגאַנגען אָפּגעריסן. צו דעם האבן די אַרבעטער ניט געהאַט קיין רעכט צונויפֿקלייבן זיך, אַרויסזאָגן א הויך וואָרט. און טאָמער פלעגט די פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע עפּעס באמערקן פֿון דער זייט פֿון די אַרבעטער, פֿלעגט מען דערפֿאַר שמייסן, אַרעסטירן, פֿאַרזעצן אין טורמע,פֿאַרשיקן אין סיביר אף קאטאָרגע.

ניט בעסער האָט זיך געלעבט די צענדליקער מיליאָנען פּויערים. די בעסטע ערד, מיליאָנען דעסיאַטין האָט געהערט די פּריצים, גענעראַלן און דעם קייסער. די פּויערים האָבן געלעבט זייער אָרעם, קיין שולן אף צו לערנען זיך איז ניט געווען. אָפּט פֿלעגן פֿאָרקומען אומגערעטענישן. צום פּאָרעץ פלעגט מען דאַרפֿן גיין מיט אן אַראָפּגענומענער היטל, קושן אים די האַנט. מיטן פּויער האָט מען זיך גערעכנט ערגער, ווי מיט א הונט. דער קייסער מיט די פּריצים האבן אויסגעהאלטן טויזנטער גאַלאָכים, וועלכע פלעגן איינריידן אין נאָמען פֿון גאָט די אומבאַוווסטזיניקע אַרבעטנדיקע מאַסן, זיין טרייע, געהאָרכזאַמע קנעכט דעם קייסער מיט זיינע מיטהעלפֿער.

אין באַזונדער שווערע באַדינגונגען האָט זיך געלעבט די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, יידן, ווייסרוסן, פּאָליאַקן א. א. וו. יידן האָבן גאָר קיין רעכט ניט געהאַט. אַף זיי פֿלעגט מען אויסטראַכטן אַלע בילבולים, זאָגן, אַז איבער זיי לעבט זיך שלעכט. באַ די ווייסרוסישע פּויערים האָט מען פֿאַרנומען די ערד און אָפּגעגעבן די פּריצים. די פּאָליאַקן האָט מען געוואָלט פֿאַרניכטן ווי אַ פֿאלק, ניט לאָזן ריידן אַף פּויליש און נאָך און נאָך טויזנטער ר׳עדיפּעס האָבן איבערגעלעבט די קליינע פעלקער.

אַזעלכע צאָרעס האָבן געהאַט אויסצושטיין אין יענער צייט צענדליקער מיליאָנען אַרבעטער און פּויערים.

באַ אַזאַ סיסטעם האָט דאָס לאַנד זיך ניט געקאָנט אַנטוויקלען, און דאָס האָט אַרויסגערופֿן אַן אומצופֿרידנהייט אַפֿילע באַ אַ סאַך פֿאַבריקאַנטן, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, אינזשינערן און אַנדערע אינטעליגענטן, וועלכע האָבן

אויך געוואָלט איבעראַנדערשן די אָרדענונג (זיי האָבן אין יענער צייט געהייסן „ליבעראַלן"). אָבער די ליבעראַלן האָבן געוואָלט דורכקומען מיטן קייסער, אַז מע זאָל זיי אויך אַריינעמען אין דער מאַכט צו אָנפירן מיטן לאַנד.

די אומצופרידנהייט באַ די אַרבעטער און פויערים האָט געהאַלטן אין וואַקסן, אַרבעטער פלעגן שטרייקן, וועגן ניט וועגן אַרויס אַפן גאַס מיט אַ דע-מאָנסטראַציע. די פויערים פלעגן זיך אָנשטעקן פון די אַרבעטער און מאַכן בונטן קעגן די פריצים.

## III.

די צאַרישע רעגירונג, לעבנדיק אין אַן אטמאָספער פון גרויס אומצופרי-דנהייט פון די ברייטע פאָלקמאַסן, האָט באַשלאָסן אָנהויבן פירן אַ מילכאָמע מיט יאַפּאַן און מיט דעם האָט זי געוואָלט זיך פאַרשטאַרקן. אָבער די צופוילט-קייט פון דער צאַרישער אָרדענונג האָט זיך נאָך מער אַרויסגעוויזן אין דער צייט פון דער מילכאָמע; די צאַרישע אַרמיי האָט געקראָגן שטאַרקע מאַפּאָלעס. טויזנטער סאָלדאַטן זיינען געהאַרגעט געוואָרן אַף די שלאַכטפעלדער און דערפראָרן געוואָרן אין די שרעקלעכע קעלטן פון וויַטן סיביר. די אומצופרידנהייט מיט דער צאַרישער אָרדענונג צווישן די אַרבעטער און פויערים האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט. נאָך פאַרן 1905 יאָר האָט די רעגי-רונג, אַכוץ די מיטלען פון אַרעסטן, אַרויסשיקונגען און שמייסן, אויסגעפונען אַ נייעם מיטל, מיט וועלכן זי האָט געוואָלט פאַרנאַרן דעם אַרבעטערקלאַס. זי האָט אָנגעדונגען אַגענטן, וועלכע זי האָט געשיקט צו די אַרבעטער זיי אַגיטירן, אַז זיי דאַרפן זיך ניט פאַרנעמען מיט פּאָליטיק, אַז די אַרבעטער דאַרפן ניט הערן די רעוואָלוציאָנערן, וועלכע ווילן אַן אַנדער אָרדענונג, אַז די אַרבעטער דאַרפן נאָר זיך באַשעפטיקן מיט זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן, וועלכע די צאַרישע רעגירונג איז געניגט, קלוימערשט, שטיצן, אַזוי האָט זיך איינגע-געבן אין אַ סאַך שטעט אָרגאַניזירן אַ געוויסע צאָל אַרבעטער אין אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס (אין אונדזער קאַנט האָבן זיי געהייסן זובאַטאָוצעס, ווייל דער אָרגאַניזאַטאָר זייערער איז געווען זובאַטאָוו, אַ צאַרישער אָנגעשטעלטער, אַן אכראַניק). אין לענינגראַד (אַמאָל האָט די שטאָט געהייסן פעטערבורג) האָט זיך אָרגאַניזירט אַזאַ געזעלשאַפט פון אַרבעטער פון פאַבריקן און זאַוואָדן, וועלכע איז געווען אָנגעפירט דורך אַ גאַלעך גאַפּאָן. דער גאַלעך גאַפּאָן האָט געהאַט אין יענער צייט אַ גרויסע ווירקונג אַף די פעטערבורגער אַרבעטער.

אין יענער צייט איז אויך געווען אַ פאַרטיי מענשעוויקעס, וועלכע האָט געהאַלטן, אַז דער איקער באַלסימכע אַף דער אָנקומענדיקער רעוואָלוציע דאַרף זיין די בורזשואַזיע, ווייל דידאָזיקע רעוואָלוציע וועט זיין, ווי ס'איז געווען אין מאַירעוואייראָפּע, אַ בורזשואַזע, ד. ה. זי וועט אָנשטאָט די פריצים אַני-דערזעצן אַפן בענקל די בורזשואַזיע. די אַרבעטער דאַרפן מער ניט זען, אַז די בורזשואַזיע זאָל איר שטיקל אַרבעט אָפּטאָן ריין, לייטיש. דער אַרבעטער-

קלאַס דארף זיין א מין אונטערשטויסער בײַ דער בורזשואַזיע און דערבײַ אָבער ניט אָפּשרעקן מיט צופיל פאָדערונגען און צו שאַרפע רעוואָלוציאָנערע מאַסים.

אַנדערש אָבער האָבן אָפּגעשאַצט די לאַגע און אָנגעמערקט די אויפגאַבן די באָלשעוויקעס בעראָש מיטן כ׳ לענינען. זיי האָבן געזאָגט, אַז די רוסישע בורזשואַזיע איז אַ צופוילטע און אַ קראַפּטלאָזע, אַז די רעוואָלוציע וועט מאַכן ניט זי, נאָר דער אַרבעטער צוזאַמען מיטן פויערטום און מע דאַרף זי מאַכן דורך צוויי קאַמפמעטאָדן: דעם אַלגעמיינעם שטרייק און דעם באַוואָפנטן אויפשטאַנד.

### .IV

פאַר אַן אָנפאַנג פון דער רעוואָלוציע גופא רעכנט מען די געשעעניש, וועלכע זײַנען פאָרגעקומען אין לענינגראַד דעם 9 יאַנוואַר 1905 יאָר.

אָנהויב יאַנוואַר פון 1905 יאָר איז אויסגעבראָכן אַ שטרייק אַפן פוטילאָווער זאַוואָד, וועלכער האָט אויפגערודערט די אַרבעטער פון דער גאַנצער שטאָט און געשאַפן אַ שטימונג פון אַן אַלגעמיינעם גענעראַלשטרייק. דער צענטער פון דער באַוועגונג איז געווען גאַפאָנס „אַרבעטערגעזעלשאַפט״, זי האָט זיך גלייך אַרײַנגעמישט אין שטרייק און געזוכט אויסנוצן דעם גאַנצן צוטרוי צו איר צווישן די מאַסן אַף איינצוהאַלטן די באַוועגונג. דעם 7 יאַנוואַר האָבן שוין געשטרייקט 140 טויזנט אַרבעטער; מאַסנפאַרזאַמלונגען זײַנען נאָכאַנאַנד פאָרגעקומען; און אויך רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַטאָרן האָבן זיך אַהער דורכגעריסן און אויפגעקלערט דעם אַרבעטער. גאַפאָן האָט זיך ניט געריכט אַף אַזאַ שטאַרקע באַוועגונג און פלעגט אַליין זאָגן אַז „ער ווייס ניט בעפֿייעש, וואָס דערפון וועט אַרויסקומען״. די פאַבריקאַנטן האָבן ניט נאָכגעגעבן. בײַ די מיניסטאָרן האָט גאַפאָן דאָסמאָל גאָרניט געקאָנט אויספּועלן פאַר די אַרבעטער, און אַף אַ פאַרזאַמלונג האָט ער געמאַכט אַ פאָרשלאָג: „גיין צום קייסער אַליין״. דאָס איז פאַר דער אונטערדריקטער מאַסע געווען אַ נייע האָפענונג, און די פאַרנאַרטע אַרבעטער האָבן זיך דערין אָנגעכאַפּט, גלויבנדיק מיט אַן עמעס, אַז ווען מע וועט דעם „פאָטערל קייסער״ אַליין אויסדערציילן, ווי מע פלאָגט און דריקט „זײַנע קינדער״, וועט ער זיך געוויס אָננעמען פאַר זיי, ווייל „ער לעבט דאָך נאָר פאַרן פאָלק, מער ניט, וואָס ער ווייס ניט פון דער שלעכטקייט״. אַזוי האָבן זיך צולעצט געטרייסט די פאַרצווייפלטע אַרבעטער. אַפילע גאַפאָן האָט זיך פון זייערע געפילן אָנגענומען און געזאָגט, גאָר ווי אַ נאָווי: „אויב דער קייסער וועט זיך צו אונדז ניט ווייזן, דאַן... דאַן האָבן מיר ניט מער קיין קייסער איבער זיך״.

דער טאָג פון דער מאַניפעסטאַציע צום קייסער, זונטיק, דער ניינטער יאַנוואַר, איז געווען פאַר די מאַסן אַן אויסערגעוויינטלעכער. אָנגעפירט פון אַ גאַלעך, מיט הייליקע קלויסטערפאָנען און קייסערלעכע פאָרטרעטן אין די

הענט, האָבן זיך ביז 200 טויזנט אַרבעטער, מיט ווייבער און קינדער, געלאָזט גיין אונטערטעניק צום „פֿאָטערקייסער״ אויסגיסן פֿאַר אים זייער ביטער געמיט און בעטן באַ אים הילף און באַשיצונג. נאָך די פּריצישע רעגירונג האָט זיך אָף טויט דערשראָקן פֿאַר דעם אַרבעטעראַווילעם און באַגעגנט אים מיט אַ האָגל פֿון הייסן בליי, מיט אַ שיסערײַ פֿון אַלע זייטן, פֿון אַלערלײַ געווער. פֿרידלעכע, אומבאַוואָפנטע אַרבעטלייט האָבן מיט טייכן בלוט דעם שניי באַפּאַרבט אָף די גאַסן צום קייסערלעכן פּאַלאַץ. די פּאָליציי האָט שפּעטער באַהאַלטן שטילער־הייט אַ סאַך מייסים צו גאַנצע בערג אין יעדן קייוועָר, אזוי, אז די צאָל קאָר־באָנעס איז געבליבן אומבאַוווּסט, דאָך שרעקלעך גרויס.

דערפֿאַר האָט באַ די לעבנגעבליבענע אַרבעטער דעם קייסערס באַ־געגעניש געעפֿנט די אויגן פֿון דער אַלטער פֿאַרבלענדעניש און געוויזן, אז „ניטאָ איבער אונדז קיין קייסער באַשיצער״, אַז פֿאַרלאָזן קאָן זיך דער אַרבע־טער נאָר אָף זיך אליין, אין זיין קאַמף קעגן דרוק, אָדער ווי די רעוואָלוציאָ־נאָרע מאַרקסיסטן האָבן געלערנט: קעדיי צו באַקעמפֿן די בורזשואַזיע און פּאָטער ווערן פֿון עקספּלואַטאַציע, מוז דער אַרבעטערקלאַס פֿריער פֿאַר אַלץ זען מיט אַלע מיטלען צו פֿאַרכאַפּן די פּאָליטישע מאכט אין זיינע הענט.

.V

די שווערע קאָרבאָנעס פֿונם 9 יאַנוואַר זיינען ניט געפֿאַלן אומזיסט. זייער בלוט האָט אופֿגעוועקט, ווי אַ בליץ, דעם קלאסנבאַוווּסטזיין באַ די אַר־בעטערמאַסן פֿון גאַנץ רוסלאַנד. קיין איין שטאָט האָט קימאַט ניט געפֿעלט, ווו אַרבעטער זאָלן זיך ניט האָבן אָפּגערופֿן הייס מיט אַ שטרייק און דעמאָנ־סטראַציעס אָפֿן פּעטערבורגער „בלוטיקן זונטיק״. פֿון די גרעסערע פֿאַבריק־צענטרען און ביז די קליינע יידישע שטעטלעך האָט יענער טאָג אָפּגעקלונגען אומעטום, אַלס אויסדרוק פֿון פּראָלעטאַרישן צאָרן.

דער רוף צו פּראָטעסט און פֿאַרביסענעם שטרייט האָט אָפּגעקלונגען אויך אין די פֿאַרהונגערטע און פֿאַרצאָרנטע דערפֿער. עס האָט זיך פֿאַרשטאַרקט די באַוועגונג צווישן די דאָרפֿישע מאַסן קעגן די פֿאַרהאַסטע מאַגנאַטן, אי־בערהויפּט האָט זי אַרומגענומען וואָלגער און באַלטישן קאַנט. גרויסע מאַסן פּויערים האָבן זיך אין די טויזנטער געלאָזט גיין אָף די פּריצישע „עקאָנאָמיעס״ און אָף זייערע זאַוואָדן (צוקערזאַוואָדן, גאָראַלניעס). דער האַמוין פּלעגט אַרויסטרעטן מער אָרגאַניזירט, לויט אַ באַשטימטן סיגנאַל, גאַנצע דערפֿער מיט פֿערד און וועגן. סאָף מאַרט, ווען גאַנצע דערפֿער האָבן געוויטיקט פֿון צאַרישע שמיץ פֿאַר זייערע גערעכטע פֿאָדערונגען, האָט זיך אופֿגעהויבן אַ פֿאַרווילדעטע כוואַליע פֿון פּויערישער נעקאָמע און האַס צו די אייגנטימער פֿון אַלדאס גוטס: סרייפֿעס, האַריגעס, כורבוינעס אין די פֿעלדער און וועלדער. פּריצים זיינען קאָם לעבעדיקע אַנטלאָפֿן אין די שטעט, און פֿון דאָרט זיינען געגאַנגען גאַנצע מיליטערטיילן אָנעמען זיך דעם פּאָרעצס קריוודע.

ערטערווייז האָבן די פויערישע מאַסן באַוויזן זיך זייער גוט צו אָרגאַניזירן אויך קעגן די סאָלדאַטן (אַף קאַווקאַז, לעמאָשל), זיי באַזיגט און געצוווּנגען די פריצים ווייכער צו ווערן און נאָכגעבן אַ סאַך פאָדערונגען. צוליב דער אומגערעטעניש פון יענעם יאָר האָבן די פויערים געגומען מאַסנווייז פאַראַקערן די פריצישע פעלדער און געפּיטערט די טשערעדעס אַף די פריצישע לאָנקעס, ניט צוגעלאָזט אַהין קיין סטראַזשניק און עקאָנאָם, און ערטערווייז — אַראָפּגענומען די גרייטע פריצישע טווּע. דאָס איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע גענג אין דער פויערישער באַוועגונג — צו פאַרכאַפּן דאָס וויכטיקסטע אין זייערע הענט — די מיטלען פון דער פּראָדוקציע (ערד) און די גרייטע פּראָדוקטן (ברויט).

פון שטאָט און דאָרף איז דער רעוואָלוציאָנערער אימפעט אַריבער אין דער צאַרישער אַרמיי. אין די קאַזאַרמעס האָבן זיך אָנגעהויבן אומרוען: סאָלדאַטן האָבן ניט געפאָלגט די אָפיצערן, געמאַכט בונטן. באַזונדערס זיינען געווען רעוואָלוציאָנער געשטימט די מאַטראָסן אונטערן איינפלוס פון פאַרטעיִשער פּראָפּאַגאַנדע.

אין יוני 1905 האָט די קאָמאַנדע פון שיף „פּאָטיאָמקין" (איינע פון די גרעסטע מיליטערשיפן אַפן שוואַרציאַמיקן פלאָט) געמאַכט אַן אופשטאַנד. מאַטראָסן האָבן אַלע זייערע אָפיצערן געבונדן, אָדער אַראָפּגעוואָרפן פון שיף, אַרויסגעהאַנגען אַ רויטע פאָן און פאַרייניקט זיך מיט די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער פון שטאָט אָדעס. אָבער דער איבעריקער פלאָט האָט זיי נאָך ניט אונטערגעשטיצט. די שיף איז אַוועק קיין רומעניע. דאָרט זיינען די מאַטראָסן אַראָפּ און זיינען געוואָרן נאָוועגאַדניקעס, און די שיף האָט די רומענישע רעגירונג אומגעקערט דעם קייסער.

אינם וועלביקן כוידעש זיינען פאָרגעקומען גרויסע אַרבעטעראומרוען אין לאָדז (פוילן). דאָרט האָבן די אַרבעטער, יידישע און פוילישע, צוויי טעג נאָכאַנאַנד בלוטיק געקעמפט אין די גאַסן אַף באַריקאַדעס און פון באַפּעסטיקטע הייזער אַרויס קעגן די דינער פון צאַריזם. קיינמאָל האָט די יידישע אַרבעטער באַוועגונג צו אַזאַ מין רעוואָלוציאָנערן אימפעט ניט דערגרייכט, ווי אין די לאָדזער שלאַכטן.

צו האַרבסטצייט האָט זיך די רעוואָלוציע צופלאַקערט איבערן גאַנצן לאַנד. איבער מאָסקווער גאַסן האָבן גרויסע מאַסן שטרייקער (דרוקער, בעקער א. א.) נאָכאַנאַנד דעמאָנסטרירט, אָפּגעהאַלטן מיטינגען פאַר דער פּאָליציי אין די אויגן און באַגעגנט די זשאַנדאַרן מיט שטיינער.

## VI.

און אין אָקטיאַבער כוידעש איז אויסגעבראָכן אַן אַלגעמיינער לאַנדשטרייק. באַנען, טראַמוואַיען, פאַבריקן, עלעקטרע, וואַסער, פּאָסט, דרוקעריי, בעקעריי — אַלץ, אַלץ האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט איבער גאַנץ רוסלאַנד

עס האָט זיך אַנטוויקלט די רעכטע רעוואָלוציע. גלייך אײַנשטילן מיט בייזן אַזאַ אויפֿשטאַנד איז שוין די צאַרישע רעגירונג ניט געווען בעקויעך. עס האָט אויך קיין אַרמיי אַפֿן אָרט ניט געקלעקט: די מערהייט סאָלדאַטן האָט זיך נאָך ניט געהאַט אומגעקערט נאָך דער יאַפּאַנישער מילכאָמע פֿונעם ווייטן מיזרעך און זיינען אַפֿן וועג מאַסנווייז צוגעשטאַנען צו די רעוואָלוציאָנערן.

דעם הערשערישן פּריצישן קלאַס איז אויסגעקומען עטוואָס נאָכצוגעבן. דעם 17־טן אָקטיאַבער האָט ניקאָלאַי דער צווייטער אונטערגעשריבן אַ מאַניפעסט, ווו ער האָט צוגעזאָגט שענקען דעם פֿאָלק פֿרייהייט, צולאָזן פֿאָרשטייער פֿון פֿאָלק אין אַן אויסגעקליבענער „דומע", וועלכע וועט אײַנייִנעם מיטן קייסער אַרויסגעבן געזעצן. נאָר גלייך נאָך דעם מאַניפעסט האָט ערשט דאָס גאַנצע לאַנד אויפֿגעקאָכט. אין אַלע שטעט, אַף אַלע גאַסן און פּלעצער האָבן זיך מענטשן אין יענע טעג מאַסנווייז געזאַמלט, פֿאַרפּוצט מיט רויטן, אַראָפּגעריסן די צאַרישע אָדלערס, געגאַנגען צו די טפֿיסעס און באַפֿרייט פֿון דאָרטן טויזנטער פּאָליטישע אַרעסטאַנטן. אויסנוצנדיק די „פֿרייהייט" אַף אַ ווײַלע, האָבן רעוואָלוציאָנערע רעדנער נאָכאַנאַנד גערעדט צו די פֿאַרזאַמלטע אַרבעטער, זיי געוואָרנט, זיי זאָלן דעם צאַר מיט זיינע טויוועס אַף קיין האָר ניט גלויבן, גערופֿן ווייטער צו פֿירן פֿאַרייניקטערהייט דעם קאַמף ביזן סאָף.

דער מאַניפֿעסט האָט דעם אַרבעטערקלאַס לאַכלוטין ניט באַרויִקט. דערווייל האָבן אים די באַוווסטזיניקע אַרבעטער נאָר אויסגענוצט אַף בעסער צו אָרגאַניזירן זיך. עס הויבן אָן אויסוואַקסן פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען, ווו די באָלשעוויקעס שטרעבן אַרייַנצוברענגען פּאַרטעישע אַגיטאַציע צווישן די אַרבעטערמאַסן. אין פּעטערבורג און מאָסקווע זיינען דאַן צום ערשטן מאָל אַנטשטאַנען ראַטן פֿון אַרבעטערדעפּוטאַטן, אָדער אַרבעטערראַטן, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפֿן ווייטער צו קעמפֿן מיט דעם צאַריזם. אַ באַזונדערס גרויסע ראָל, אַלס אָנפֿירער פֿון דער מאַסנבאַוועגונג אין יענע טעג, האָט אָפּגעשפּילט דער פּעטערבורגער אַרבעטערראַט.

די פּאַקטישע דייע אין ראַט האָבן געהאַט די סאָציאַלדעמאָקראַטן. זיי האָבן באַלד פֿון אָנהויב אין אַרבעטערראַט אויסגעטייטשט פֿאַר די מאסן דעם נישטיקן ווערט פֿון ניקאָלאַיס מאניפֿעסט און אויפֿגעוויזן די אַרבעטער, אז גלייך ווי נאָר זיי וועלן זיך פֿאַנאַנדערגיין באַרויִקטע אַהיים, וועט די קייסערלעכע רעגירונג כאפּן צוריק אירע צוגעזאָגטע פֿרייהייטן און וועט ווי פֿריִער איינשפּאַנען ווידער די אַרבעטער אינם יאָך פֿון קאַפּיטאַל. דער ראַט האָט געזען צו באַזאָרגן די אַרבעטער מיט געווער און געפֿירט אַגיטאַציע צווישן די אַרמעישע טיילן. אריבערציִען די אַרמיי און דעם פֿלאָט אַף דער זייט פֿון פּראָלעטאַריאַט איז געווען וויכטיקער פֿאַר אַלץ, ווייל אָן דערדאָזיקער קראַפֿט וואָלט דער אלטער רעזשים גלייך איינגעפֿאַלן.

דער קאַמפֿגייסט פֿון דער אַרבעטערשאַפֿט האָט זיך אַריבערגעוואָרפֿן אין דאָרף. א נייער שטראָם אויפֿשטאַנדן האָט פֿאַרפּלייצט די דערפֿער מיט איין

פֿארלאנג: „כאָטש ווערן פון די פּריצים, פֿארטרייבן זיי פֿון דער ערד”. צו דעם לאָזונג זיינען צוגעשטאנען די מאסן סאָלדאטן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פארצווייפֿלטע פֿון דער ווייטער מאנדזשוריע.

אין דערזעלבער צייט האָט די צארישע רעגירונג אָנגענומען אלע מיטלען אף צו דערשטיקן די רעוואָלוציע און אָפּצושאפֿן אלע פֿרייהייטן, וועלכע דער ארבעטערקלאס האָט שוין באוויזן אויסצונוצן. עס זיינען אָרגאניזירט געוואָרן דעמאנסטראציעס לעקאָוועד דעם צאר, אין וועלכע עס האָבן זיך באטייליקט איבערגעטאָנענע שפּיאָנען, פּאָליציילייט, אלערליי כוליגאנעס. גלייך אף מאָרגן נאָך דעם מאניפֿעסט האָבן זיך אָנגעהויבן פּאָגראָמען; איינצלנע טוער האָט מען געשלאָגן, געמיימעסט אָדער געשאָסן אין מיטן גאַס. אזוי איז דערהארגעט געוואָרן אין מאָסקווע אן אקטיווער באָלשעוויק באומאן (היינט רופט זיך א גאנצער ראיאָן אין מאָסקווע אף זיין נאָמען). אזוי איז אויך פֿאָרגעקומען אין מינסק דעם 18-טן אָקטיאבר. זשאנדארן פֿלעגן אונטערצינדן גאַנצע געביידעס, ווו הונדערטער און טויזנטער אַרבעטער זיינען געווען פֿאַרזאַמלט...

דעם 19-טן אָקטיאַבר האָט אַ כוואַליע פון בלוטיקע פּאָגראָמען, ווו אַף יידן, ווו אַף אינטעליגענץ, אָן אַ שיר שטעט פֿאַרפּלייצט און קאָרבאָנעס געמערט. דער צאַרישער רעזשים האָט אויסגענוצט זיין אַלטן מיטל — פּאָגראָמען אַף יידן, קעדיי צו פֿאַרטומלען די קעפּ פון אונטערדריקטן האַמוין דורך נאַציאָנאַלן האַס. די באַוווסטזיניקע אַרבעטער (צווישן זיי אויך אַסאַך ניט יידישע) האבן מיט זעלבסטשוץ, מיט געווער אין די הענט באַוויזן זייער קאַמפּפֿעיקייט און אָפּגעראַטעוועט אַסאַך פּונקטן פון כורבן בייס די אָקטיאַבער־פּאָגראָמען אין 1905 יאָר (טשודנאָוו, אָרשע א. א. וו.).

די דעמאָלסטדיקע צייטונג פון לעגינגראַדער אַרבעטערסאָוועט „איזוועסטיא” האָט אזוי געשריבן וועגן די געשענקטע פֿרייהייטן: „עס איז געגעבן געוואָרן פרייהייט פֿון פֿאַרזאַמלונג, קעדיי אַלע פֿאַרזאַמלונגען זאָלן אַרומגערינגלט ווערן דורך מיליטער; ער איז געגעבן געוואָרן פֿרייהייט פון וואָרט, און די צענזור איז געבליבן אומבאַרירט, עס איז געגעבן געוואָרן פרייהייט פֿון בילדונג, און די אוניווערסיטעטן האָבן סאָלדאַטן פֿאַרנומען; עס איז געגעבן געוואָרן אומבאַרירלעכקייט פֿון פערזאָן, און די טפּיסעס זיינען געפּאַקט מיט אַרעסטירטע; עס איז געגעבן געוואָרן אַ קאָנסטיטוציע און געבליבן אַ זעלבסטהערשונג. אַלץ געגעבן און גאָרניט געגעבן”.

## VII.

די פּאָליטישע אָנפֿירונג מיטן אַרבעטערקלאַס האָט אין יענער צייט געהאַלטן דער פּעטערבורגער אַרבעטערסאָוועט. ער האָט אָרגאַניזירט די מאַסן אַרום באַשטימטע רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען, געפירט זיי צו די טפּיסעס, צו באַפרייען די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן. פֿאָרשטייער פון סאָוועט האָבן באַקומען

באַם צאַרישן פּרעמיערמיניסטער וויטע אַ באַפעל וועגן אַמניסטיע. דער סאָוועט האָט אויך געזען איינצוהיטן די פּראָלעטאַרישע קויכעס דאָרט, ווו די קאָרבאָנעס וואָלטן געווען אומזיסט.

כוח דער פּאָליטישער טעטיקייט האָט דער סאָוועט אויך גלייכצייטיק באַדינגט דעם אַרבעטערקלאַס עקאָנאָמיש. ער האָט מיטגעוויִרקט, מע זאָל עפּענען צוריק די פאַבריק און אויפנעמען די געוועזענע אַרבעטער. דער סאָוועט האָט אַף אַ רעוואָלוציאָנערן אויפן געפּרוווט איינפירן אַן 8 שאָעדיקן אַרבעטטאָג, אָרגאַניזירט הילף פאַר אַרבעטלאָזע א. א. וו. ניט האָבנדיק די מאַכט אין די הענט, האָט דער סאָוועט קיינע רעפאָרמען (לעמאָשל, דעם 8 שאָעדיקן אַרבעטסטאָג) ניט באַוויזן ערנסט דורכצופירן. די אַרבעטער האָבן זיך איינגיכן געמוזט אָפּזאָגן דערפון, און צענדליקער טויזנטער אַרבעטער זיינען סטאַם אַרויסגעוואָרפן געוואָרן און אַף אַ לאַנגער צייט געבליבן אָן אַרבעט.

די רעגירונג האָט דערווייל אָרגאַניזירט אירע קויכעס, די בורזשואַזיע איז איר געקומען צו הילף. די אַרבעטערמאַסן זיינען אויסגעמאַטערט געוואָרן. אין דעקאַבער האָט זיך שוין די רעגירונג דערוועגט אָנצוגרייפן אַפן שטאַרקסטן אָרגאַן פון דער רעוואָלוציע — לענינגראַדער אַרבעטער סאָוועט. דעם 3-טן דעקאַבער האָבן סאָלדאַטן אַרומגערינגלט און אַרעסטירט דעם גאַנצן סאָוועט.

דער אופגערעגטער פּראָלעטאַריאַט האָט איבערן גאַנצן לאַנד געענטפערט דערויף מיט נייע שטרייקן און אופשטאַנדן. אין אייניקע קלענערע ערטער האָבן אַרבעטער אַפילע אַף אַ קורצע צייט געהאַט פאַרכאַפּט די אָרטיקע מאַכט (אין באַלטישן קאַנט, גראָדנער, מאָלעווער גוב. א. א.) און דער מאָסקווער פּראָלעטאַריאַט האָט אָרגאַניזירט אַ באַוואָפנטן אופשטאַנד, אָנגעפירט דורך דער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע. מער ווי 150 טויזנט אַרבעטער האָבן פאַרשטרייקט, אָפּגעשטעלט דאָס גאַנצע לעבן אין שטאָט. אין אַלע אַרבעטערקוואַרטאַלן זיינען די גאַסן געוואָרן פאַרצאַמט מיט באַריקאַדעס פון קלעצער, טעלעגראַפנסלופּעס, טראַמוואַיוואַגאָנעס, שטיקלעך מעבל, שטעכלדראַט און אַלץ, וואָס צו דער האַנט איז געקומען, אַף צו פאַרשטעלן דעם וועג פאַרן צאַרישן מיליטער. צען טעג האָט געדויערט דער האַרטנעקיקער קאַמף. אין מאָסקווער גאַרניזאָן האָט פאַרפעלט סאָלדאַטן, פון לענינגראַד האָט מען אויך קיין מיליטער ניט געטאָרט אָפּציען. און ערשט אַף דער צווייטער וואָך האָבן פרישע אָנגעקומענע פּאָלקן איינגענומען די אַרבעטערפּאָזיציעס, אויך דעם שטאַרקסטן ראַיאָן פּרעסניע. און דאַן האָט דער ווילדער גענעראַל דובאַסאָוו זיך געבאָדן אין בלוט פון טויזנטער פאַרשמיסענע אַפן שניי און צושאָסענע אַף די גאַסן אַרבעטער מיט זייערע רעוואָלוציאָנערע מיטקעמפער, אויסער די, וואָס האָבן אין קאַמף זייער לעבן פאַרלאָרן. פּעטערבורגער אַרבעטערשאַפט איז געווען דעמאָלט צוגעקלעמט דורך אַ לאָקאַוט, אויסגעמאַטערט דורך קאַמף און איז ניט געווען אימשטאַנד צו אונטערשטיצן דעם מאָסקווער דעקאַבראופשטאַנד.

נאָך גרינגער איז געווען דער רעגירונג צו דערשטיקן און דערטרינקען אין בלוט די באַוועגונג אַף דער פּראָווינץ. ספּעציעל געשיקטע שטראָפעקספּע-דיציעס האָבן קאָנקורירט צווישן זיך בעניגייע דער צאָל אומגעבראַכטע קאָר-באָנעס: צושאָסענע, געהאַנגענע, געשמיסענע, פאַרברענטע. אין מעשעך פון 1906 יאָר, ווען די שטאָטישע אַרבעטערדרעוואָלוציע איז שוין געווען דער-שטיקט, האָבן די פויערים נאָך אלץ ניט אוועקגעלייגט זייער געווער, כאָטש די אופשטאנדן זיינען שוין אַלץ געוואָרן צופעליקער, אָפגעזונדערטער, יעדעס מאָל אין אַן אַנדער אָרט. פויערים האָבן אַלץ נאָך געצונדן די הויפן, געאַקערט פּריצישע פעלד, געהאַקט וואַלד, צוגענומען פערד א. ד. ג. צו קיין מאסנרעוואָלוציע האָט אָבער דאס פויערטום ניט געקאָנט קומען אָן דעם פּראָלעטאַריאַט.

די צאַרישע אַרמייען, באַזונדערס די פאַרבלענדעטע קאָזאקן, האָבן געפירט אַן עמעסע מילכאָמע מיט די שטעט און דערפער און כאָרעוו געמאַכט דאָס לאַנד ניט ערגער, ווי אַ פרעמדער סוינע. דער אינערנמיניסטער דורנאָוואָ האָט באַפוילן מיט געווער און פייער זיך אָפּצורעכענען גלייך אפן אָרט מיט „די צובונטעוועטע קנעכט“, ווייל „מישפּעטן“ אַזוי פיל מענטשן איז אומעגלעך, און פאר ארעסטאַנטן האָט קיין פלאץ ניט געקלעקט. ווייניקער מענטשן ארעס-טירן און מער צושיסן — איז געווען די אלגעמיינע דירעקטיוו. וואָס מער הארוגים, אלץ גרעסער איז די באלוינונג געווען פאַר די אָפיצערן. פון גאנצע דערפער און שטעט איז מאמעש א טעל געוואָרן, גאנצע אויעזדן אין בייס-אַלמענס פארוואנדלט.

אזוי האָט זיך אויסגעלאָזט די רעוואָלוציע פון 1905 יאָר. פאַרן יאָר האָט די רעגירונג אויסגעהארגעט אין די גאסן 14 טויזנט מאן, העכער טויזנט מאן האָבן טויטשטראָף באקומען, מער ווי 20 טויזנט פאַרווונדעט געווארן, ביז 70 טויזנט פארשיקט געווארן.

ל ע נ י ן.

# די אלגעמיינע אפשאצונג פון דער ערשטער רוסי-שער רעוואלוציע.

(פון אַ פאָרטראַג אין יאַנואַר 1917 אַף אַ פאַרזאַמלונג פון אַרבעטעריוגנט אין ציוריך)

אין אנהויב יאר 1905 האט די שטרייקבאוועגונג ארומגע-כאפט דאס גאנצע לאנד. אין פרילינג פון זעלביקן יאר באַמערקן מיר די דערוואכונג פון דער ערשטער, גרויסער, ניט בלויז עקאָנאָמישער, נאָר אויך פאָליטישער פויערישער באַוועגונג אין רוסלאַנד. קעדיי צו באַגרייפן, וואָס פאַר אַ וויכטיקן באַטייט דערדאָזיקער פאַקט האט פאַר דער געשיכטע, איז געַנוג זיך צו דערמאָנען, אַז דאָס פויערטום אין רוסלאַנד האָט בלויז ערשט אין 1861 יאָר זיך באַפרייט פון דער סאַמע שווערס-טער לייבקנעכשאַפט, אַז די פויערים זיינען נאָך איצט אויך אין גרעסטן טייל אנאלפאבעטן, אַז זיי לעבן אַדהאַיעם אין דער שרעקלעכסטער אומבאַשרייבלעכער נויט, אַז זיי ווערן ביז איצט אונטערדריקט פון די פריצים, פאַרפירט פון די גייסטלעכע און זיינען אפגעטיילט איין פויער פונם צווייטן מיט גוואַלדיק-גרוי-סע שטרעקעס אן וועג און שטעג...

די פאַרייניקונג פונם פראָלעטארישן מאסנשטרייק אין שטאט מיט דער פויערישער באוועגונג אין דארף איז געווען גענוג, קעדיי אווואקל צו טאן דעם סאמע „פעסטן" און לעצטן שטיצפונקט פונם צאַריזם. איך מיין דא די ארמיי.

ס׳הויבט זיך אָן אַ גאַנצע ריי פון מיליטערישע אופ־
שטאַנדן אין פלאָט און אין אַרמיי. יעדער כוואַליעאופשטייג פון
דער פויערימבאַוועגונג ווערט באַגלייטט מיט סאָלדאַטנאופשטאַנדן
אין אַלע עקן פון רוסלאַנד. דער סאַמע באַוווסטער פון די אַלע
אופשטאַנדן איז געווען דער אופשטאַנד אַפן פאַנצערשיף „פירשט
פאַטיאָמקין“, וועלכער איז פאַרכאַפּט געוואָרן דורך די אופגע־
שטאַנענע מאַטראָסן און האָט זיך באַטייליקט אין די רעוואָלו־
ציאָנערע געשעענישן פון אָדעס...

געאָגראַפיש, עקאָנאָמיש און געשיכטלעך געהערט רוס־
לאַנד ניט בלויז צו אייראָפּע, גאָר אויך צו אַזיע. און דעריבער
זעען מיר טאַקע, אַז די רוסישע רעוואָלוציע האָט דערגרייכט
ניט בלויז דאָס, וואָס זי האָט אַנטגילטיק אופגעוועקט פון שלאָף
דאָס סאַמע גרעסטע און דאָס סאַמע אָפּגעשטאַנענסטע לאַנד
אין אייראָפּע, וואָס זי האָט באַשאַפן אַ רעוואָלוציאָנערע פאָלק,
וואָס ווערט אָנגעפירט דורכן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַ־
ריאַט.

זי האָט דערגרייכט ניט בלויז דאָס — די רוסישע רעוואָלו־
ציע האָט אַרויסגערופן אַ באַוועגונג אין גאַנץ אַזיע. די רעוואָ־
לוציעס אין טערקיי, אין פּערסיע און אין כינע דערווייזן, אַז
דער מעכטיקער אופשטאַנד פון 1905 יאָר האָט איבערגעלאָזט
נאָך זיך טיפע שפּורן און אַז ס׳איז ניט אויסצוואָרצלען זיין ווירקונג,
וועלכע ווייזט זיך אַרויס אין דער אַלץ אופשטייגנדיקער
באַוועגונג פון הונדערטער און הונדערטער מיליאָנען מענטשן.

אַף אַן אומדירעקטן אופן האָט די רוסישע רעוואָלוציע גע־
האַט אַ ווירקונג אויך אַף די לענדער פון אייראָפּע... אַ דאַנק
דעם פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער פון דער רוסישער רעוואָלוציע
אין יענעם באַזונדערן זין פון וואָרט, וועגן וועלכן איך האָב
שוין געזאָגט — וועט זי דינען ווי אַ פּראָלאָג, ווי דער אַריינפיר
צו דער צוקונפטיקער אייראָפּעישער רעוואָלוציע. אָן ספק,
אַז די דאָזיקע קומענדיקע רעוואָלוציע וועט קאָנען זיין בלויז אַ
פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע און דערצו נאָך אין אַ סאַך טיפערן
זין פונעם דאָזיקן וואָרט: אַ פּראָלעטאַרישע, אַ סאָציאַליסטישע

רעוואָלוציִע אויך לויטן איִנהאַלט. דיִדאזיִקע קיִנפּטיִקע רעוואָ־לוציִע וועט אונדז נאָך אין א גרעסערער מאס באַווייזן פון איין זייט, אַז בלויז דורך גרויזאַמע שלאַכטן, כ׳מיין דורך ביִרגער־קריִג, וועט די מענטשהייט זיִך באַפרייען פון אונטער דעם קאַ־פּיִטאַלס יאָך. פון דער אַנדער זייט וועט זי אונדז לערנען, אַז בלויז די קלאסנבאַוווסטזיִניִקע פּראלעטאריער קאָנען אַרויס־טרעטן און וועלן אַרויסטרעטן אַלס פיִרער פונם גרעסטן טייל עקספּלואַטיִרטע.

# גאַפּאָנאָווטשטשינע.

## ופרוף פון פעטערבורגער קאָמיטעט פון ר.ס.ד.א.פ.

### צו אַלע פעטערבורגער אַרבעטער.

די באַפרייונג פון אַרבעטער דאַרף זיין
די זאַך פון די אַרבעטער גופא.

דאָנערשטיק האָט די פאַרזאַמלונג פון די פוטילאָווער אַרבעטער באַשלאָסן: רופן אַלע פעטערבורגער אַרבעטער צו א שטרייק און זונטיק גיין צום ווינטערפּאַלאַץ, קעדיי צו דערלאַנגען דעם צאַר א פעטיציע. אַזעלכע באשלוסן האָבן אָנגענומען די אַרבעטער אויך אין אַלע איבעריקע אָפּטיילן פון דער „פאַרזאַמלונג פון די פעטערבורגער אַרבעטער".

אין זייער פעטיציע פאָדערן די אַרבעטער:

1) צונויפרופן אַ גרינדונגפאַרזאַמלונג פון פאָרשטייער פונם גאַנצן רוסישן פאָלק, פאָרשטייער, אויסגעקליבענע דורך אַלגעמיינער, גלייכער און געהיימער אָפּשטימונג. די גרינדונגפאַרזאַמלונג דאַרף אויסאַרבעטן רעפאָרמען אין דער מעלוכעפירונג, דעהיינו: איבערגעבן די מאַכט פון די באַאַמטע אין די הענט פון פאָלקפאָרשטייער, אויסגעקליבענע דורך אַלגעמיינער אָפּשטימונג (פאַרלאַמענט).

די נויטיקע טנאָים אַף צו פאַרווירקלעכן דידאָזיקע פאָדערונגען זיינען:

2) אויסגלייכן די בירגערלעכע רעכט פון אַלע שטאַנדן (פויערטום, סאָכרים, אדעליקע און גייסטלעכע), פעלקער און גלויבנס.

3) גאַראַנטיעס פון בירגערלעכער פרייהייט: אומבאַרירלעכקייט פון פערזאָן און וואָינונג, פרייהייט פון וואָרט, פון פרעסע, פון פאַרזאמלונגען פון געזעלשאַפטן און אַרבעטערפאַרבאַנדן, פרייהייט פון שטרייקן.

4) באַפרייען פון טורמע און פאַרשיקונג יענע, וועלכע זיינען באשטראָפט געוואָרן פאַר אזוי גערופענע פאָליטישע פאַרברעכן, אין דעם קלאל—אויך פאַר ארבעטערשטרייקן און פויערימאומרוען.

5) אָפּשטעלן די מילכאמע לויטן ווילן פון פאָלק.

די רוסלענדער סאָציאַלדעמאָקראַטישע אַרבעטערפּאַרטיי האָט שוין לאַנג אַרויסגעשטעלט דיזעלביקע פאָדערונגען און האָט גערופן אַלע רוסישע אַרבעטער צו אַן אַנטשיידענעם קאַמף פאַר דידאָזיקע פאָדערונגען. אויך איצט באַגריסט דער פּעטערבורגער קאָמיטעט פון ר.ס.ד.א.פּ. די אַרבעטער, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען די נויטיקייט פון פּאָליטישער פרייהייט. נאָר פּעטערבורגער אַרבעטער דאַרפן פאַרשטיין, אַז זייערע אַרויסגעשטעלטע פאָדערונגען באַדייטן ניט עפּעס אַנדערש, ווי א סאָף צו דער זעלבסטהערשונג. פאָדערן א פּאַרלאַמענט—הייסט פאָדערן, אז אַנשטאָט דעם קייסער זאָל מיטן לאַנד פאַרוואַלטן א דעפּוטאַטנפּאַלאַטע (פּאַרלאַמענט), אן אויסגעקליבענע דורכן גאַנצן פאָלק. פאָדערן פרייהייט פון וואָרט, פון פּרעסע, פון פאַראיינען—הייסט באַם צאַר און באַ זיינע מיניסטאָרן, באַ דער צאַרישער פּאָליציי און באַ די צאַרישע זשאַנדאַרמען אָפּנעמען זייער איצטיקער מאכט. האקלאל, דידאָזיקע אַלע פאָדערונגען באַדייטן די אַראָפּשליידערונג פון זעלבסטהערשונג.

ס'איז אומזיסט דעריבער זיך צו ווענדן צום צאַר מיט אַזעלכע פאָדערונגען: דער צאַר מיט דער קאַלאַסאַלער קנופּיע גרויספירשטן, הויפלייט, מיניסטאָרן, גובערנאַטאָרן, זשאַנדאַרמען, גייסטלעכע, שפּיאָנען וועלן זיך פריי־ווילִיק ניט אָפּזאָגן פון זייערע רעכט, פון זייער מאַכט, פון זייער זאַטן לוקסוסלעבן, פון די קאָלאָסאַלע רייכקייטן, וואָס זיי האבן אָנגעראַבירט און ראַבירן נאָך איצט אויך פון די אַרבעטער און פּויערים. ניין, כאַווירים, ס'איז אומעגלעך צו וואַרטן אַף פריי...ייט מיצאַד דעם צאַר, וועלכער האָט נאָך ניט לאַנג אין זיין לעצטן מאַניפעסט פעסט דערקלערט, אַז ער האָט ניט בעדייע זיך אָפּצוזאָגן פון זעלבסטהערשאפט. אויב אַפילע דער צאַר וועט צוזאָגן רעפאָרמען, וועלן זיינע באַאַמטע אָפּנאַרן. מיט אַזאַ פּרייז, ווי א פּעטיציע, מעג מען זי אַפילע דערלאַנגען אין נאָמען פון אַרבעטער, קויפט מען ניט קיין פרייהייט. פרייהייט ווערט געקויפט דורך בלוט. מיט געווער אין די הענט, אין גרויזאַמע שלאכטן קעמפט מען אויס פרייהייט. ניט בעטן באַם צאַר און ניט אַפילע פאָדערן באַ אים, ניט דערנידעריקן זיך פאַר אונדזער ערגסטן סוינע,—אַראָפּוואַרפן אים פון טראָן, און צוזאמען מיט אים פאַרטרייבן די גאַנצע זעלבסטהערשנדיקע קליקע, בלויז מיט אַזאַ וועג קאָן מען אויסקעמפן פרייהייט. אַסאַך אַרבעטער און פּויערימבלוט איז באַ אונדז אין רוסלאַנד פאַרגאָסן געוואָרן פאַר פרייהייט. נאָר בלויז, ווען אלע אַרבעטער וועלן נעמען שטורמעווען די זעלבסטהערשונג—וועט אופגיין דער שטערן פון פרייהייט. די באַפרייונג פון די אַרבעטער קאָן זיין בלויז די זאך פון די אַרבעטער גופע. איר וועט זיך ניט דערוואַרטן קיין פרייהייט ניט פונם צאַר און ניט פון די גייסטלעכע.

זונטיק, באַם ווינטערפּאַלאַץ, אויב נאָר מ'וועט אייך צולאָזן אהינצו, וועט איר זיך איבערצייגן, אַז איר האט ניט וואס צו דערוואַרטן פונם צאַר. און דאַן וועט איר פאַרשטיין, אז מינהאַצאַד וועט מען אייך ניט ברענגען קיין

הילף, אז בלויז מיט אייגענע קויכעס וועט איר קאָנען אויסקעמפן פרייהייט.
דערפאַר פאָדערן מיר איצט דאָס, וואס מיר האָבן שוין געזאָגט טויזנטער מאָל:
„אַראָפּ די זעלבסטהערשונג!”

„אַראָפּ די מילכאָמע!”

„זאָל לעבן דער באוואָפנטער אופשטאַנד פון פאָלק!”

„זאָל לעבן די רעוואלוציע!”

„זאָל לעבן דער גרויסער ברידערלעכער פאַרבאנד פון די אַרבעטער— די רוסלענדער סאָציאלדעמאָקראַטישע אַרבעטערפּאַרטיי!”.

פעטערבורגער קאָמיטעט פון ר.ס.ד.א.פּ.

8 יאַנוואַר 1905.

# ניינטער יאַנוואַר.

(לויט טראָצקין און סווערטשקאָוון).

## I.

קייסער! מיר, אַרבעטער, אונדזערע קינדער, אונדזערע ווייבער און די הילפלאָזע זקיינים, עלטערן אונדזערע, זיינען געקומען צו דיר, אונדזער קייסער, זוכן עמעס און שמיצע. מיר זיינען פאַראָרעמט, מיר זיינען אונטערדריקט, מיר ווערן פארמאטערט פון אומגעהויערער מי. מע שפעט פון אונדז, מע האלט אונדז ניט פאַר קיין מענטשן. מע באציט זיך צו אונדז, ווי צו קנעכט, וועלכע זיינען מעכויעוו צו טראָגן זייער גורל און שווייגן. און מיר האבן געשוויגן, נאָר מע שטויסט אונדז אלץ טיפער אין טהאָם פון דאַלעס, רעכטלאָזיקייט און אַמעראַצעס. אונדז שטיקט דער דעספאָטיזם און דער ווילקיר, אז מיר ווערן דערשטיקט, ניטאָ מער קיין קויכעס, קייסער! ס׳איז געקומען א סאָף צו אונדזער סאוולאָנעס, ס׳איז געקומען פאר אונדז דער שרעקלעכער מאָמענט, ווען בעסער איז דער טויט, איידער ווייטער די אומדערטרעגלעכע ליידן״.

מיט פאטעטישע טענער, אין וועלכע די דראָונג פון פראָלעטאריאט פארשטעלט דאָס געבעט פון אונטערטעניקייט, האָט זיך אָנגעהויבן די בארימטע פעטיציע פון די פעטערבורגער אַרבעטער. זי האט געשילדערט אלע אונטערדריקונגען און באליידיקונגען, וועלכע ט׳טראָגט אויס דאָס פאָלק. זי האָט איבערגערעכנט אלץ: פונם צוגלופט אף דער פאבריק ביז דעם פאָליטישן אומרעכט אין לאַנד. זי האָט געפאָדערט אמניטטיע, עפנטלעכע פרייהייטן, אָפטיילן די קירכע פון דער מעלוכע, אַן אכטשאָעדיקן אַרבעטטאָג, נאָרמאלן ארבעטלוין און בעהאדראָגע-דיקן איבערגעבן די ערד דעם פאָלק. נאָר פריער פאר אלץ האָט זי געפאָדערט צונויפרופן א גרינדונגפארזאמלונג דורך אלגעמיינע און גלייכע וואלן.

„אָט דאָס זיינען, קייסער,—אַזוי האָט זיך געענדיקט די פעטיציע— אונדזערע וויכטיקסטע נויטן, מיט וועלכע מיר זיינען געקומען צו דיר. באפעל און שווער, אז דו וועסט אלץ אויספילן און דו וועסט מאכן רוסלאנד שטארק און גרויס, דיין נאמען וועסטו אויסקריצן אין אונדזערע הערצער און אין די הערצער פון קומענדיקע דורעס אף אייביקע צייטן. און וועסטו ניט באפוילן, וועסטו זיך ניט אָפרופן אָף אונדזער געבעט,—וועלן מיר שטאַרבן דאָ, אָט אף דעם פלאץ פאַר דיין פאַלאַץ. מיר האבן מער ניט וווהין און צו וואָס צו גיין

מיר האָבן בלויז צוויי וועגן—אָדער צו פֿרייהייט און צום גליק, אָדער אין קייוועראַריין. ווייז אונדז אָן, קייסער, איינעם פֿון זיי—מיר וועלן גיין אױף אים אָן דערוויידערונג, אַפֿילו ווען דאָס זאָל זיין דער וועג צום טויט. זאָל אונדזער לעבן דינען פֿאַר א קאָרבן פֿאַרן אויסגעמאַטערטן רוסלאַנד, אונדז טוט ניט באַנג אָט דער קאָרבן—מיר ברענגען אים גערן".

און זיי האָבן אים געבראַכט...

צום פּאַלאַץ איז מען געגאַנגען אַזוי, ווי מ'האָט אָפּגערעט, פּרידלעך, אָן געזאַנגען, אָן פֿאָנען, אָן רעדעס, אָנגעטאָן זיך אין יאָנטעוודיקע קליידער. אין אייניקע שטאָטטיילן געטראָגן איקאָנעס און כאָרוגוועס.

## II.

פֿון אינדערפֿרי אָן האָט זיך שוין אױף די גאַסן געפֿילט אן אױפֿלעבונג. ס'איז געוואַקסן די אַטמאָספֿער פֿון אָנגעשטרענגטן שווייגן.

דער פּלאַץ באַם פּאַלאַץ איז געווען פֿאַרנומען מיט מיליטער. קיינעם האָט מען אהין ניט דורכגעלאָזט. באַם אַלעקסאַנדרישן גאָרטן זיינען געשטאַנען קופּקעסווייז מענטשן. אַלץ מער און מער, אין גרופּעס און איינציקווייז האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אַרבעטער, זיי זיינען געווען אָנגעטאָן יאָנטעוודיק. אַפֿן וועג פֿון נעווסקי און פֿון דער אַדמיראַלטעיִשער גאַס צום אַלעקסאַנדרישן גאָרטן האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אָן מיליטערישע פּאַטרולן, וועלכע האָבן ניט דורכגעלאָזט אַפֿן פּלאַץ, און דאָ האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט וואַרטנדיק. באַלד האָבן זיך באַוויזן זשאַנדאַרמען און קאַזאַקן אױף פֿערד.

די פּרוּוון פֿאַנאַנדערצוטרייבן דעם האַמוין, האָבן אָבער צו גאָרנישט געבראַכט. אָן ווידערשטאַנד איז מען איבערגעגאַנגען פֿון איין אָרט אַפֿן אַנדערן און דערנאָך ווידער זיך דורכגעזופּט צום אַלעקסאַנדרישן גאָרטן.

אינגיכן האָט לעבן גאָרטן זיך צונויפֿגעקליבן א היפּשער האַמוין. אַלע האָבן אױף עפּעס געוואַרט. די שטימונג איז געווען א פֿרידלעכע. אױף דער פּאָליציי האָט מען געקוקט מיט גוטן מוט.

— וואָס טומלען זיי זיך? אָרדענונג איינפֿירן? מיר האַלטן אַליין אַזאַ אָרדענונג, וואָס זיי האָבן אַזאַ נאָך ניט געזעען.

אַלע האָבן פֿרידלעך גערעט איינער מיטן צווייטן, געוויצלט זיך, געלאַכט. איך בין געווען לעבן גאָראָכאָווער גאַס, בײַם אין מיין באַוווסטזיין זיינען פֿאַרקראָכן און מיט פֿיינלעכן ווייטאָק אין מויעך זיך פֿאַרשניטן ווערטער פֿון אַ יינגעלע, וואָס איז פֿון ערגעץ אָנגעלאָפֿן:

— און באַ דער נאַרוואַער זאַסטאַווע שיסט מען... האָט מען עס דאָרט מענטשן אויסגעלייגט! מ'איז אױף אים אַרופֿגעפֿאַלן פֿון אַלע זייטן.

— פֿאַרנעם זיך, דו נאַר איינער... וואָס דערציילסטו מאַיסעס...

דאָס יינגל איז מעוווּלוול געוואָרן.

— וואָס זאָג איך דען? גאָרניט... נאָר כ'האָב אַליין געזען...

עפעס אַן אומגעהויערע לאַסט האָט זיך מיר געלייגט אַפֿן באַוווּסטזיין. פּאָרנט אַף דעם פּאַלאַצפּלאַץ האָט דערהערט זיך א הארנשאל פֿון האָרניסט. דער אוילעם האָט זיך א רוק געטאָן אהין נאָך ענגער, ווילנדיק א קוק טאָן, וואָס איז דאָרט.

— געפונען א צייט פּאַראַדן צו מאַכן!—האט עמעץ געזאָגט.

יינגלעך האבן זיך אַ וואָרף געטאָן צו די בוימער פֿון אַלעקסאַנדרישן גאָרטן און געשווינד אַרויף אף די סאַמע שפּיצן א קוק צו טאָן אף די מאַנעווורעס פֿון מיליטער. פּלוצלונג האבן פּאָרנט, צורייסנדיק אויף שטיקלעך די שטילקייט, ביקסן אויגעשאָסן... און באַלד נאָך אַמאָל און אַ דריטן מאָל.

קיינער האָט ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס איז דאָס אַזוינס, און נאָר דערזעענדיק טויטע און קרעכצנדיקע, פֿאַרווונדעטע אין די אייגענע רייען, האָט דער האַמוין זיך אַ וואָרף געטאָן צוריק און האט אין שרעק זיך געלאָזט לויפֿן איבער די אַרומיקע געסלעך.

דער דריטער געשאָס איז געווען געצילט אין די יינגלעך, וועלכע האָבן זיך פֿאַרקליבן אַף די בוימער פֿון אַלעקסאַנדרישן גאָרטן, אַפּולע פֿון זיי זיינען, ווי קנוילן, אַראָפּגעפֿאַלן אַראָפּ און אומגאַטירלעך צונויפֿגעדרייטע געבליבן ליגן אַפֿן שניי. די קאזאַקן האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן יאָגן דעם אַוועקלויפֿנדן האַמוין.

באַ דער נאַרוועער זאַסטאַווע האָט מיליטער פֿאַרצאַמט די וועג די אַרבעטער, וועלכע זיינען געגאַנגען מיט גאַפּאָנען. פּאָרנט האָבן אַרבעטער געטראָגן צאַרישע בילדער, איקאָנעס און קלויסטערכאָרוגוועס. נאָך אַ באַפֿעל צו צוגיין זיך, וועלכן קיינער האָט קימאַט ניט געהערט, האָט מען אין האַמוין אַריין עטלעכע מאָל געשאָסן.

גאַפּאָנען האָבן מיט זייערע לייבער פֿאַרדעקט די אַרבעטער, וועלכע זיינען געבן אים געשטאַנען, אַריבערגעוואָרפֿן אים אַריבער אַ פּאַרקאַן; פֿון דאָרטן האָט ער זיך דערשלאָגן צו זיינע פריינט, ווו מע האָט אים איבערגעטאָן און אָפּגעשאָרן.

אַזאַ האַריגע איז אויך פֿאָרגעקומען באַ מאָסקווער זאַסטאַווע, אַף וויבאָרגער זייט, באַ דעם טראָיצקער בריק. אומעטום איז פֿאָרגעקומען אַ שיסעריי. אומעטום האָבן די קאזאַקן געיאָגט זיך נאָך די אַנטלויפֿנדיקע און געשניטן זיי. אַף וואַסילעווער אינדזל האָט מען צוהאַקט אַ סטודענט, וועלכער איז אַרויסגעטראָטן פֿאָרויס און געבעטן דאָס מיליטער ניט צו שיסן אין פֿאָלק... דאָרט זיינען צו אָוונט צו געווען איבערגעקערט עטלעכע טעלעגראַפֿנסלופעס, די גאַסן אין דער ברייט באַפֿלאָכטן מיט דראָט. מ׳האָט זיך געפּרוווט צו בויען באַריקאַדן.

די סאָלדאַטן זיינען ווילד געוואָרן. מ׳האָט געשאָסן און געשטאָכן יעדערן, וועמער ס׳האָט זיך געטראָפֿן אין וועג... אין אָבוכאָווער שפּיטאָל האָט מען געבראַכט אַ פֿינפֿיאָריק קינד מיט זיבן שפּיזנווונדן, באַזונדערס האָט זיך אויס-

געצייכנט דער סעמיאָנאָוועד פּאָלק. אָנגעפירט מיט דער שטיקל אַרבעט האָבן די פּאָלקאָווניקעס מין און רימאַן (זיי זיינען דערנאָך געוואָרן גענעראַלן).

דער געמיימיסטער האַמוין איז דערגאַנגען ביזן לעצטן גראַד פֿאַרצוויפּלונג,— צו מיליטער און די קאזאַקן האָט מען געשריען: „אָפּריטשניקעס", „טאַליאָנים", „ראָצכים", געענטפערט האָט מען דערויף מיט שאָסן. לויט די יעדיעס, וועלכע אַ ספּעציעלע קאָמיסיע (אין איר זיינען אריין די פֿאָרגעשריטענע פֿון דער פעטערבורגער אַדוואָקאַטור) האָט דערנאָך צונויפֿגעקליבן, זיינען אין פּעטערבורגער שפּיטאָלן פֿאַרן 9 יאַנוואַר געבראַכט געוואָרן 1216 האַרוגים און 5000 פֿאַרוווּנדעטע. און וויפל האַרוגים האָבן אויסגעפֿעלט די שפּיטאָלן, זיינען אַריינגעפֿאַלן אין פּאָליצעישע צירקלען און פֿון דאָרטן באַנאַכט אַרויסגעפֿירט געוואָרן און באַגראָבן געוואָרן אין דער ערשטער גרוב—ווייס קיינער ניט!

---

מ. גאָרקי.

# 9-טער יאַנוואַר.

דער האַמוין איז געווען, ווי אַ האַרבסטיקע פינצטערע כוואַליע, וואָס דער ערשטער אָנפאַל פון שטורעם האָט זי נאָר וואָס אויפגעוועקט, זי איז פּאַמעלאַך געשוואומען פאָרויס. גרויע מענטשישע פּנימער זיינען ענלעך געווען צום טריבן און שוימיקן רוקן פון כוואַליע.

אויגן האָבן געפינקלט, און ווערטער האָבן זיך געדרייט איבערן האַמוין, ווי קליינע גרויע פייגעלעך.

מע האָט גערעט ניט הויך, ערנסט און ווי מ׳וואָלט זיך פאַרענטפערט איינער פאַרן צווייטן.

— שוין מערער ניט מעגלעך צו ליידן, אָט פאַרוואָס מע גייט...

— אומזיסט וועט זיך אַן אוילעם ניט לאָזן גיין.

— און „ער״ וועט דען ניט פאַרשטיין?

דערהויפּט האָט מען גערעט פון „אים״, מ׳האָט איינער דעם צווייטן איינגערעט, אַז „ער״ איז אַ גוטער. אַ האַרציקער און וועט פאַרשטיין, אַלץ פאַרשטיין.

נאָר ס׳האָט זיך געפילט, אַז מ׳האָט קיינמאָל וועגן אים ערנסט ניט געטראַכט, און מ׳האָט אַפילו ניט גוט פאַרשטאַנען צו וואָס דאַרף מען אים, און וואָס קען ער טאָן.

צייטנווייז פלעגט פון האַמוין זיך אויפהויבן מיט האַזע אַ קאָל:

— נאַרט ניט אָפּ זיך אַליין...

נאָר אַזוינע קוילעס פלעגן פאַרטויבט ווערן מיט אָנגעשראָקענע און צאָרנדיקע אויסגעשרייען פונם האַמוין:

— מיר ווילן אָפּנטלעך...

— דו, ברודער, שווייג!

— דערצו נאָך פאָטער גאַפּאָן.

— ער ווייס שוין, ווי אַזוי.

דער האַמוין איז ניט זיכער געפלאָסן אין קאַנאַל פון שמאַלער גאַס, זיך צעשלאָגן אַף באַזונדערע גרופּעס, און ווידער געדיכט זיך צונויפגעגאָסן, גע-הודעט, געקריגט זיך און געטאַיינעט, זיך געשטויסן אין ווענט פון די הייזער, און ווידער פאַרגאָסן דעם מיטן פון גאַס מיט טונקעלע געדיכטע מאַסן ס׳האָבן זיך געפילט אין האַמוין אומרויקע ספּייקעס.

און דער טאָג איז געווען, ווי די שטימונגען פונם האַמוין. אַפן הימל צווישן גרויע וואָלקנס פלעגט זיך באַווייזן די זון, פלעגט באַלויכטן די פּנימער מיט אַ קאַלטן גלאַנץ און פלעגט ווידער פאַרשווינדן און באַדעקן די פּנימער מיט אַ שאָטן פון ניט זיכערקייט.

אינם האַמוין האָט זיך געפילט צו פיל צורודערטקייט, טונקעלע אומרויקייט, עפּעס אַ באַזונדער אָנגעשפּיצטקייט צו קלאַנגען. מ׳איז געגאַנגען און פאַרזיכטיק זיך צוגעהערט, זיך איינגעקוקט פאָרויס, און עפּעס אָן אופהער געזוכט מיט די אויגן.

איבערגיסנדיק זיך פון איין גאַס אין דער צווייטער, איז די מאַסע פון מענטשן געוואַקסן, און דער אויסערלעכער וווקס האָט ביסלעכווייז אַרויסגערופן אַ געפיל פון אינערלעכן ווקס, האָט געוועקט דעם באַוווסטזיין, אַז פאָלקנעכט האָבן רעכט צו בעטן באַ דער מאַכט, זי זאָל זיך צוהערן צו זייערע נויטן.

— מיר זיינען אויך מענטשן, פאָרט...

— „ער״ וועט, מיסטאמע, פאַרשטיין,—מיר בעטן...

— דאַרף פאַרשטיין...—מיר בונטעווען ניט...

— און ווידער נאָך, פאָטער גאַפאָן...

— כאַווירים! קיין פרייהייט בעט מען ניט...

— אָך, ליבער גאָט!...

— מע זאָל אונדז נאָר צולאָזן...

— כאַפּ זיך ניט, ברודער!

— טרייבט אים אַוועק, דעם טייוול!...

— פאָטער גאַפאָן ווייס בעסער, ווי אַזוי!

אַ הויכער מענטש אין אַ שוואַרצן מאַנטל מיט אַ געלער לאַטע אַפן פּלייצע איז אַרויף אַף אַ טומבע, האָט אַראָפּגענומען די היטל פון דער פּליכעוואַטער קאָפּ און האָט אָנגעהויבן ריידן הויך, באַגייסטערט, מיט פייער אין די אויגן און מיט אַ ציטער אין קאָל, גערעט וועגן „אים״. דער האַמוין האָט זיך איינגעהערט—דער מענטש האָט אָפּגעשפּיגלט אין זיינע רייד דאָס, וואָס דעם האַמוין האָט זיך געגלוסט. ס׳האָט זיך געפילט.

פּנימער האָבן זיך אָנגעצונדן, אויגן האָבן העלער געגלאַנצט און טריט זיינען געוואָרן שנעלער.

אַלץ גרעסער איז געוואָרן דער האַמוין, אין גאַס איז געוואָרן וואַרעמער און קוילעס האָבן אָנגעהויבן קלינגען מיט אַ שטאַרקערער קראַפט.

— מיר דאַרפן ניט קיין רויטע פלאַגן!—האָט געשריען דער מענטש מיטן פּליך—ער האָט געמאַכט מיט דער היטל, איז געגאַנגען פאַרן האַמוין, און זיין נאַקעטער שאַרבן האָט טונקל געגלאַנצט, זיך געוויגט פאַר די אויגן פון מענטשן און צוגעצויגן צו זיך זייער אופמערקזאַמקייט.

— מיר גייען צום טאַטן!...

— אַזוי!

— מיר גלויבן אים!...

— ער׳ט ניט דערלאָזן אונדז שלעכטס טאָן!...

— רויטער קאַליר—דאָס איז דער קאָליר פון אונדזער בלוט, כאַוויי-דים — האָט געקלונגען איבערן האַמוין אַן איינזאַמער קלינגענדיקער קאָל— ביטאָ קיין קראַפּט, וואָס זאָל באַפרייען דאָס פאָלק, אויסער דער קראַפט פונם פאָלק אַליין.

דער האַמוין, אַ שיקערער פון אייגענע שטימונגען, האָט געמורמלט:

— מע דאַרף ניט!

— „ער" וועט פאַרשטיין,

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מענטש, אך. דו...

— וועט מען נאָר צו אים צולאָזן...

— אופרייצער, טייוואַלים!...

— פאָטער גאַפּאָן—מיטן צײלעם, און ער—מיט אַ פלאַג.

— אַ יונגער, דאַכט זיך, און שוין אויך אַף קאַמאַנדעווען!

— מיר ווילן פרידלעך!

די וויניקער גלויביקע זיינען געגאַנגען אין טיף פונם האַמוין, און פון דאָרטן געשריען אופגערעגט און אומרויק:

— טרייבט אים אַוועק מיט זיין פלאַג!

עמעצער האָט געשריען:

„ער"? „ער" האָט אונדז ליב.

אָן סאָפעק איז, אַז די מאַסע האָט אין דערעמעסן געגלויבט אין דער ליבע פון דעם וועזן, וואָס זי האָט אָקאָרשט אַליין זיך באַשאַפן.

אַז דער האַמוין האָט זיך אַרויסגעגאָסן פון די גאַסן אַפן ברעג טייך, צום טראָיצער בריק און האָט דערזעען פאַר זיך אַ לאַנגע געבראָכענע ליניע סאָלדאַטן,—האָט דערדאָזיקער דינער גרויער צוים ניט געקאָנט פאַרהאַלטן דעם אוילעם.

אין די פיגורן פון די סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך דייטלעך אויסגעטיילט אַפן בלוי-העלן פאָן פונם טייך, איז קיין געפערלעכס אַזוינס ניט געווען. זיי האָבן אונטערגעטאַנצט, קעדיי צו דערוואַרעמען די פאַרפרוירענע פיס, געמאַכט מיט די הענט און געשטופּט זיך פאָרויס. אַף יענער זייט טייך, האָבן די מענטשן געזען אַ טונקעלע הויז, — דאָרט האָט אַף זיי געוואַרט „ער" — דער באַלעבאָס פון הויז.

אַ גרויסער און אַ שטאַרקער, אַ גוטער און אַ ליבנדיקער, האָט ער, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט באַפוילן זיינע סאָלדאַטן, זיי זאָלן צו אים ניט צולאָזן זיין פאָלק, וואָס האָט אים ליב, און וועט מיט אים פרידלעך ריידן וועגן די נויטן פון פאָלק.

נאָר פאָרט האָט זיך אַף אַ סאַך פּענימער באַוויזן אַ שאָטן פון צווייפל, און די מענטשן, וואָס פאַרן האַמוין, האָבן אַ ביסל פאַרהאַלטן זייערע טריט.

אַנדערע האָבן זיך אומגעקוקט אַף צוריק, אַנדערע זיינען אָפּגעגאַנגען אין אַ זייט, און אַלע האָבן זיך געסטאַרעט אַרויסווייזן איינער פאַרן צווייטן, אַז ווען די סאָלדאַטן—דאָס ווייסן זיי, אַז דאָס איז פאַר זיי קיין כידעש ניט.

עמיצנס אַ שטים האָט מיטפילנדיק געזאָגט:

— ס'איז קאַלט די סאָלדאַטן!..

— נ—יאָ—אָ...

— און שטיין דאַרף מען!...

— סאָלדאַטן — ס'זאָל זיין אין אָרדענונג.

— רויק, כעוורע!... אַכטונג!

— גיי, גיי!..

— אורא, סאָלדאַטן! — האָט עמעצער אַ געשריי געטאָן.

אַן אָפיצער, אין געלן באַשליק אַף די אַקסלען, האָט אַרויסגעריסן זיין סאַבליע פון שיידל און האָט הויך עפּעס אָנגעהויבן ריידן צום האַמוין, פאָכענדיק אינדערהויך מיטן אויסגעבויגענעם פאַסיקל שטאַל.

די סאָלדאַטן האָבן זיך אויסגעשטעלט אומבאַוועגלעך אַקסל צו אַקסל.

— וואָס טוען זיי דאָס? — האָט אַ פרעג געטאָן אַ פרוי. ס'האָט איר קיינער ניט געענטפערט. און אַלעמען איז מיט אַמאָל עפּעס שווער געוואָרן גיין.

— צוריק! — האָט זיך דערטראָגן דער געשריי פון אָפיצער.

עטלעכע מענטשן האָבן זיך אומגעקוקט — הינטער זיי איז געשטאַנען אַ געדיכטע מאַסע קערפּערס, אין וועלכער ס'האָט זיך געגאָסן, ווי אַ שטראָם, אַ טונקעלער טייך פון מענטשן. אונטער זייער דראַנג האָט דער האַמוין זיך צונומען און אָנגעפילט דעם פּלאַץ, וואָס פאַרן בריק. עטלעכע מענטשן זיינען אַרויס פאָרויס, און פאָכענדיק מיט ווייסע טיכלעך, זיך געלאָזן צום אָפיצער אַנטקעגן. זיי זיינען געגאַנגען און געשריגן:

— מיר גייען צו אונזער מאָנאַרך...

— אינגאַנצן רויק!..

— צוריק! כ'וועל באַפוילן שיסן!..

אַז דעם אָפיצערס ווערטער זיינען אָנגעקומען צום האַמוין, האָט זיך אופגעהויבן אַ הילכיקער ווידערקאַל פון פאַרווונדערונג. אז מע וועט ניט צו לאָזן צו אים, וועגן דעם האָבן אַנדערע נאָך פריער גערעט, נאָר אַז מען זאָל בעמען שיסן אין פאָלק, וואָס גייט צו אים רויק — דאָס האָט זיך קיינעם ניט געגלויבט.

א דארער הויכער מאַן מיט א הונגעריקן פּאָנים און שווארצע אויגן האָט פלוצלונג אויסגעשריען:

— שיסן? דאָס וועסטו זיך ניט דערוועגן!..

און זיך ווענדנדיק צום האמוין, האָט ער הויך און בייז פאָרגעזעצט:

— וואָס? כ'האָב געזאָגט — אַז זיי וועלן ניט לאָזן...

— ווער, די סאָלדאַטן ?

— ניט די סאָלדאַטן, נאָר—דאָרט...

ער האָט אַ מאך געטאָן מיט דער האַנט ערגעץ אינדערוויטן:

— העכער, — די וואָס... אַהאַ ? כ'האָב דאָך געזאָגט.

— דאָס קען מען דאָך ניט וויסן...

— מ'וועט זיך דערוויסן נאָך וואָס מיר גייען — וועט מען לאָזן!

און פּלוצלונג האָט זיך אין דערלופטן עפּעס ניט גלייכמעסיק און טרוקן צושאָטן, אַ ציטער געטאָן, אַ קלאַפּ געטאָן אינם האמוין מיט צענדליקער אומגעזעענע בייטשן.

אַף איין רעגע זיינען אַלע שטימען, ווי פאַרפרוירן געוואָרן.

די מאַסע האָט פּאַמעלעך פאַרגעזעצט זיך רוקן פאָרויס.

— מיט פּוסטע, — האָט עפּעס איינער אזוי ווי אַ פרעג געטאָן, צו אַ זאָג געטאָן.

נאָך דאָ און דאָרט ערגעץ האָבן זיך געלאָזט הערן קרעכצן, באַ די פיס פונם האַמוין האָבן זיך אַוועקגעלייגט עטלעכע קערפּערס, איין פרוי, וואָס האָט הויך געאָיקעט, האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט די הענט פאַרן ברוסט און מיט גיכע טריט איז זי אַוועק פאָרויס אַף די באַגנעטן, וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט איר אַנטקעגן. נאָך איר האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן נאָך מענטשן און נאָך, אַרומגערינגלט זי, פאַרלאָפן פאַר איר.

און ווידער אַמאָל אַ קנאַל פון אַ זאַלפּ, נאָך אַ העכערער און נאָך מער ניט גלייכמעסיק.

מענטשן זיינען געפאַלן צו צוויי, צו דריי, זיך צוגעזעצט צו דער ערד, געכאַפּט זיך פאַר די בייכער, געלאָפן ערגעץ הינקענדיק, געפויזעט איבערן שניי, און אומעטום אַפן שניי האָבן זיך אָנגעצונדן העלע רויטע פלעקן, זיי זיינען זיך צעקראָכן, געוויכערט זיך און צוגעצויגן צו זיך די אויגן... דער האַמוין האָט זיך אַ נעם געטאָן אַף צוריק, אַף אַ רעגע זיך אָפּגעשטעלט, פאַרגליווערט געוואָרן, און פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ ווילדער, מוירעדיקער וואָיען פון הונדערטער שטימען. ער איז געבאָרן געוואָרן און זיך צוגאָסן אינדערלופטן ווי אַן אָנאופהעריק אָנגעשטרענגטע ציטערנדיקע כמאַרע פון געשרייען, פון שאַרפן וויטאָק, נעקאָמע, שרעק, פּראָטעסט, פיינלעכע פאַרלאָרנקייט און געשרייען נאָך הילף.

אָנבויגנדיק די קעפּ, האָבן מענטשן גרויסעסווייז זיך אַ לאָז געטאָן צונויפנעמען די געהאַרגעטע און פאַרוונדעטע.

די פאַרוונדעטע האָבן אויך געשריִען, געוואָרנט מיט די קולאַקעס. אַלע פּענימער זיינען פּלוצלונג געוואָרן אַנדערע, און אין אַלע אויגן האָט געגלאַנצט עפּעס אַ מעשוגאַס.

קיין פּאַניק איז ניט געווען, נאָר ס'איז געווען שרעק,—אַ קאַלטער ברענענדיקער, ווי דורכגעפראָרענער אייזן.

מענטשן האָבן זיך געטאָפּטשעט אַף איין אָרט, ווי געפּענטעטע. אַנדערע האָבן שווייגנדיק און פאַרזאָרגט געטראָגן פאַרוווּנדעטע, צונויפגענומען די האַ-רוגים, און אַנדערע האָבן ווי פון שלאָף פונדערווייטן געקוקט אַף זייער אַר-בעט.

אַ סאַך האָבן געשריען צו די סאָלדאַטן מיט ווערטער פון פאַרדראָס. זידלעריי און טאַינעס, און געשראָקן מיט עמיצנס שרעקלעכן צאָרן.

די סאָלדאַטן זיינען געשטאַנען אומבאַוועגלעך, אַראָפּגעלאָזט די ביקסן צו די פיס. די פּענימער זייערע זיינען אויך געווען אומבאַוועגלעך, די הויט אַף די באַקן שטייף אָנגעצויגן און די באַקביינער שאַרף אַרויסגעשטאַרצט. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז בא אַלע סאָלדאַטן זיינען ווייסע אויגן און צונויפגע-פּראָרענע ליפּן.

אינם האַמוין האָט עמיצער געשריען היסטעריש הויך.

— ס'איז אַ טאָעס! ס'איז פאָרגעקומען אַ טאָעס, ברידערלעך... מע האָט אונדז אָנגענומען פאַר אַנדערע! גיי, ברידערלעך... מע דאַרף דערקלערן! אַך, גאָטעלע... וואָס זשע איז דאָס?

— גאַפּאָן איז אַ פאַרעטער!—האָט זיך געריסן אַ באָכערל און געקלע-טערט אַפן לאַמטערן.

— נו, כאַווײרים, איז זעט, ווי „ער” באַגעגנט אייך?

— שטיי... ס'איז אַ טאָעס... דאָס קאָן דאָך ניט זיין, באַטראַכט זיך נאַר! סיידן ביסט קיין מענטש ניט.

— זייט איר קיין מענטשן ניט, איר זייט שאָף, אַ טשערעדע, און אָט האָט מען אייך...

— לאָז דורך... גיי אָפּ...

— לאָז דורך אַ פאַרוווּנדעטן!

צוויי אַרבעטער און אַ פרוי האָבן געפירט דעם הויכן מאָגערן מענטשן; ער איז אינגאַנצן געווען אין שניי. פון די אַרבל פון זיין מאַנטל איז אַראָפּ-געראָנען בלוט, זיין פּאָנים איז בלוי געוואָרן, נאָכמער פאַרשאַרפט געוואָרן, און די טונקעלע ליפּן האָבן שוואַך זיך באַוועגט און געשעפּטשעט:

— כ'האָב געזאָגט... זיי וועלן ניט לאָזן... זיי באַהאַלטן אים... וואָס איז פאַר זיי דאָס פאָלק...

— קינדער, רייטער!

— אַנטלויפט!...

די וואַנט פון סאָלדאַטן האָט זיך אַ שאָקל געטאָן און האָט זיך צעעפנט, ווי די צוויי האַלבע פון הילצערנע טויערן. טאַנצנדיק און כראָפּענדיק זיינען צווישן זיי דורכגעפאָרן פערד, ס'האָט זיך דערהערט אַ געשריי פונם אָפיצער, איבער די קעפּ פון רייטער האָבן אַ שווינדל געטאָן, צושניידנדיק די לופט, סאַבליעס, און זיך אַ הויב געטאָן אַלע צו איין זייט. דער האַמוין איז גע-שטאַנען און זיך געשאָקלט, האָט זיך אופגערעגט און געוואַרט, ניט גלויבנדיק.

ס׳איז געוואָרן שטילער.

מאַרש!—האָט זיך געלאָזט הערן אַ ווילדער געשריי.

ווי אַ וויכער האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין מענטשישע פּענימער, און האָט זיך אַזוי ווי איבערגעדרייט אונטער זייערע פּיס. אַלע האָבן זיך געלאָזן לויפן, שטופּנדיק און אומוואַרפנדיק איינער דעם צווייטן, אַוועקוואַרפנדיק די פאַר־ווונדעטע, שפּרינגענדיק איבער די האַרוגים. דאָס שווערע טופּען פון פערד האָט אָנגעיאָגט, סאָלדאַטן האָבן געוואָיעט, זייערע פערד זיינען געשפּרונגען איבער די פאַרווונדעטע, געפאַלענע, טויטע, געפינקלט מיט די סאַבליעס. צייטנווייז האָט זיך געהערט דער פייף פון שטאָל און אַ קלאַפּ איבער ביין. דאָס געשריי פון די געשלאָגענע האָט זיך צונויפגעגאָסן אין אַ הילכיקן צו־צויגענעם קרעכץ.

— אַ—אַ—אַ!...

סאָלדאַטן האָבן פאַרוואָרפן די סאַבליעס און אַראָפּגעלאָזן אַף מענטשי־שע קעפּ, און נאָכן קאָפּ פלעגן זייערע קערפּערס זיך צוביגן אין אַ זייט. זייערע פּענימער זיינען געווען רויטע, אָן אויגן, און ווי געשוואָלענע. ס׳האָבן געהירזשעט די פערד, שרעקלעך געשטשירעט די ציין און געוואָרפן מיט די קעפּ.

דאָס פאָלק האָט מען פאַריאָגט אין די גאַסן. און ווי נאָר דאָס טופּען פון די פערד איז פאַרשווונדן געוואָרן אין דער ווייט, האָבן מענטשן זיך אָפּ־געשטעלט, שווער געאָטעמט און אַ קוק געטאָן איינער אַפן אַנדערן מיט אַרויסגעקראָכענע אויגן.

פּלוצלונג האָבן פון אַלע זייטן זיך אַ שאָט געטאָן אויסגעשרייען פון פאַרווונדערונג, שרעק און צאָרן.

— וואָס זשע הייסט דאָס, ברידערלעך, האַ?

— אַ האַריגע גייט, פּראַוואָסלאַוונע!

— פאַרוואָס?

— אָט האָסטו אַ רעגירונג!

— מע שניידט, האַ? מיט פערד טאָפּטשעט מען...

אַ יונגע שטים האָט ענערגיש אַ רוף געטאָן:

— נאָך די פאַרווונדעטע, עי! קומט צונויפנעמען די פאַרווונדעטע.

אַלע האָבן אַ צאַפּל געטאָן, גיך א לאָז געטאָן זיך צום אַרויסגאַנג אַפן טייך, און זיי אַנטקעגן אין גאַס אַריין האָבן אַריינגעפויזעט איבערן שוויי און אַריינגעגאַנגען, פאַלנדיק פון די פּיס, צעקאַליעטשעטע מענטשן אין בלוט און אין שנייי. מע האָט זיי גענומען אַף די הענט, געטראָגן, אָפּגעשטעלט פורלעך. אַראָפּגעטריבן די פאַסאַזשירן און ערגעץ אַוועקגעפירט. אַלע זיינען געוואָרן פאַרזאָרגט, פאַרשוואַרצט און שווייגנדיק. ס׳איז געגאַנגען דער מענטש מיטן פליך, אינם מאַנטל מיט דער געלער לאַטע, זיין טונקעלער שאַרבן איז איצט געווען באַפאַרבט מיט בלוט, ער האָט אַראָפּגעלאָזן דעם אַקסל און דעם קאָפּ, די פּיס האָבן זיך באַ אים אונטערגעבראָכן.

געפירט האָבן אים אַ ברייטפּלייציקער באָכער אָן אַ היטל מיט אַ גע־קרייזלטן קאָפּ און אַ פרוי אין אַ צעריסן פּעלצל, מיט אַ טויטן טעמפּן פּאָנים.

— וואַרט נאָר, מיכאַילאַ... וואָס זשע וועט איצט זיין?—האָט געברומט דער פּאַרוואונדעטער,—שיסן אָן אַ באַפעל אין פּאָלק—ט־טאָר מען ניט. ס׳דאַרף אַזוי ניט זיין, מיכאַילאַ.

— נו, אָט—און ס׳איז געוועןǃ—האָט זיך דערהערט אַ געשריי.

— און מע האט געשאָסן... און געשניטן...—האָט טרויעריק באַמערקט די פרוי...

— הייסט דאָס, אַ באַפעל איז געווען אָף דעם, מיכאַילאָ!...

— איז געוועןǃ—האָט בייז אַ געשריי געטאָן דער באָכער,—און דו, וואָסטו געמיינט—מע וועט זיך שטעלן ריידן מיט דירǃ אונטערטראָגן דיר אַ גלאָז ווייןǃ

— וואַרט נאָר, מיכאַילאַ.

דער פּאַרוואונדעטער האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך אָנגעשפּאַרט מיטן פּלייצע צום וואַנט און העכער אָנגעהויבן ריידן:

— פּראַוואָסלאַוונעǃ פּאַרוואָס הארגעט מען אונדזǃ מיט וואָס פאַר אַ גערעכטן מיט וועמעס באַפעלǃ

מענטשן זיינען געגאַנגען פאַרביי אים, און אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ.

אין אַ צווייטן אָרט, אפן ראָג, האָבן זיך צונויפגעקליבן עטלעכע צענד־ליק מענטשן און אינמיטן האָט אַ גיכע אָפּגעהאַקטע שטים געקלונגען צורודערט און בייז:

— גאַפּאָן איז נעכטן געווען באַם מיניסטער, ער האָט געוווּסט אַלץ, וואָס וועט זיין, הייסט דאָס—ער האָט אונדז געפירט צום טויט.

— וואָס פאַר א נוץ איז אים?

— און איך ווייסǃ וואָס פאַר א נוץ איז הארגענען דאָס פאָלקǃ ווער ווייס דאָסǃ

אינדערמיט גאס איז געגאנגען א פרוי, א פולע, א שלעכט אָנגעטאָנענע, מיט א גוטן פּאָנים פון א מוטער, מיט גרויסע טרויעריקע אויגן. זי האָט געוויינט און אונטערהאלטנדיק מיט דער רעכטער האנט די פארבלוטיקטע לינקע, האָט זי גערעט:

אָט, צוקאליעטשעט... ווי אזוי וועל איך ארבעטןǃ מיט וואָס דערנערן די קינדערǃ און צו וועמען זאָל איך גיין זיך קלאָגןǃ פראוואָסלאַוונע, ווו זשע האָט דאָס פאָלק באשיצער, אז דער קייסער איז אויך קעגן אימǃ פראוואָ־סלאַוונע, וווהין זאָלן מיר גייןǃ

אירע פראַגן, הויכע און קלאָרע, האָבן ווי אופגעוועקט די מענטשן, אופגעטרייסלט און אופגערודערט זיי. מ׳האָט גיך אָנגעהויבן צוגיין צו איר, מ׳איז געלאָפן פון אַלע זייטן, און אָפּשטעלנדיק זיך, אופמערקזאַם זיך צוגע־הערט צו אירע רייד.

— הייסט דאָס, דאָס פֿאָלק איז אַליין? ניטאָ פֿאַר אים קיין געזעץ, ניטאָ פֿאַר אים קיין הילף? ווי אַזוי וועלן מיר איצט לעבן? אַף וואָס איז דאָ צו האָפֿן?

יונגוואַרג איז ביסלעכווייז זיך צוגאַנגען, גרופּעסווייז, אַלע אין איין זייט, ווידער אַמאָל צום טייך, און אַלע האָבן געטראָגן פֿאַרווונדעטע, געהאַר־געטע. ס,האָט געשמעקט מיט וואַרעם בלוט, ס,האָבן זיך געהערט קרעכצן און אויסגעשרייען:

— יאַקאָוו זמינעוו—גלייך אין שטערן...

— אַ גרויסער דאַנק דעם פֿאָטערל—קייסער!

— יאָ—יאָ... ער האָט אונדז אופּגענומען!

ס,האָבן זיך דערהערט עטלעכע קרעפּטיקע ווערטער, פֿריער מיט אַ פּערטל שאָ וואָלט דער האַמוין נאָר פֿאַר איין וואָרט אַזאַ צוריסן אַ מענטשן אַף שטיקלעך.

א קליין מיידעלע איז געלאָפֿן און צו אלעמען געשריען:

— איר׳ט ניט געזען מיין מאמע? א גרויסע אַזאַ?

מענטשן האָבן שווייגנדיק זיך אומגעקוקט אַף איר, און פּונקט ווי זיי וואָלטן פֿאַר איר מוירע געהאט, איר אָפּגעטראָטן דעם וועג.

דערנאָך האט זיך דערהערט די שטים פֿון דער פֿרוי מיט דער צעשמע־טערטער האַנט:

אָטאָ, אָט בין איך...

די גאס האט אנגעהויבן ליידיק ווערן. יונגוואַרג איז זיך צוגאנגען אלץ גיכער, עלטערע מענטשן זיינען אויך פֿאַרשוואַרצטע, ניט איילנדיק זיך, ערגעץ גע־גאנגען אינצווייען, אינדרייען, פֿון אונטער די ברעמען נאָכקוקנדיק נאך די יונגע; יעדערער האט געוווסט, וואָס דער צווייטער טראגט, מ,האָט גערעט ווינציק. נאָר צייטנווייז פּלעגט ווער ס,ניט איז, וואָס פּלעגט ניט קענען איינהאַלטן דאָס פֿאַרביטערטקייט אַף דער נעשאָמע, אויסשרייען ניט הויך:

— הייסט דאָס, דאָס פֿאָלק האָט מען איצט אָפּגעוואָרפֿן?

און נאָך אַ באַסיקערע שטים פּלעגט מיט ווייטאָק אויסשרייען:

— ראָצכים פֿאַרשאָלטענע... וואָס האבן זיי דאס אפּגעטאן?

---

# צו אלע ארבעטער.

(אופרוף פון פעטערבורגער קאָמיטעט פון ר.ס.ד.א.פ.).

איר זייט געגאַנגען צום קייסער זיך דערשלאגן רעכט פאַר זיך,—און ער האָט אייך באַגעגנט מיט אַ שיסעריי פון ביקסן און פון האַרמאַטן, מיט קלעפ פון פיקעס און אָנגעשאַרפטע שווערדן פון זיינע ווילדע לייבוועכטער (אפריט-שניקעס)...

איר האָט באַ אים געבעטן ברויט און אַרבעט, און ער האָט אייך מעכאַ-בעד געווען מיט צוגליטע קוילן... צו האָבן מיר, סאָציאלדעמאָקראטן, אויך דען ניט געזאָגט, אַז באם בלוטצאַפּער—צאַר—וועט איר זיך גאָרניט ניט דער-שלאָגן, אַז ער איז ניט קיין פריינד, נאָר אַ פיינט פונם פאָלק, און אַז ער ער האָט אין זינען ניט די נוצן פון פאָלק, נאָר די נוצן פון זיינע געהילפ-מעשאָרסים...

געהאַרגעטע... פארוואונדעטע... מ'קאָן זיי אנציילן אין הונדערטער, טויזנ-טער...

דידאָזיקע טויטע קערפּערס, וועלכע איר פירט איבער די גאַסן, רופן צו נעקאָמע... שטעלט זשע זיך איצטער אונטער אונדזערע רויטע פאָנען... גייט איבער די גאַסן און שטעלט אומעטום אָפּ די אַרבעט, קעדיי אלע בירגער ווי איין מענטש זאָלן זיך מיט געווער אין האַנט אופהויבן קעגן צאַר, קעגן דער רעגי-רונג. צעטיילט צווישן די סאָלדאַטן אונדזערע אופרופן און פאָדערט פון זיי, זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן צו שיסן אפן פאָלק...

אראָפּ דער קייסער! אַראָפּ די זעלבסטהערשונג! זאָל לעבן די גרינדונג-פאַרזאַמלונג! זאָל לעבן די סאָציאַלדעמאָקראַטיע!

**פעטערבורגער קאָמיטעט.**

# שטרייקן און דעמאנסטראציעס אין יאנואר און פעוורואל 1905.

(פון מאיעווסקיס אן ארטיקל).

צוויי כאדאשים, יאנוואר און פעווראל, האט געקאכט דער קאמף פונם ארבעטערקלאס איבער גאנץ רוסלאנד ...

א באזונדער שטורמישן און רעוואלוציאנערן כאראקטער האט די באוועגונג אנגענומען אין ווארשע. באלד נאכן 9-טן יאנוואר איז דערקלערט געווארן אן אלגעמיינער שטרייק, וועלכער האט געדויערט פונם 14-טן ביזן 20-טן יאנוואר. די באוועגונג האט שוין פון אנהויב אן אנגענומען אזעלכע פארמען, אז ס'איז גיכער ענלעך געווען אף אן אופשטאנד. די שטאט איז געווען איבערפולט מיט מיליטער. די גאסן זיינען פארוואנדלט געווארן אין א קריגסלאגער. די מאסן האבן צובראכן די קאזיאנע וויינקראמען („מאנאפאלקעס") און אויסגעגאסן דעם בראנפן...

דעם 15-טן אין אוונט האבן די ארבעטער אפן ראג גרזשיבאווער און ווארעקער גאסן אויסגעבויט א באריקאדע. אין אן אנדער ארט האבן זיי פארכאפט צוויי געווערסקלאדן און צוטיילט דאס געווער...

פאר דריי טעג (14-טן, 15-טן און 16-טן) זיינען, בלויז לויט די אפיציעלע יעדיעס, דערהארגעט געווארן 64 מאן און פארוואונדעט—69 (פון וועלכע 29 זיינען דערנאך געשטארבן). פון 17-טן יאנוואר איז אין ווארשע איינגעפירט געווארן פארשטארקטע שמירע. נאר פאקטיש איז די שטאט געווען אין א באלאגערונגצושטאנד.

אויסער ווארשע האט די באוועגונג ארומגעכאפט אויך די איבעריקע שטעט פון פוילן, ווי לאדזשער, ראדאמער, דאמבראווער און אנדערע ראיאנען.

די שטרייקן האבן אומעטום געדינט בלויז ווי א פאן פאר גאסנדעמאנסטראציעס, אין וועלכע די ארבעטער האבן פראטעסטירט קעגן די געשעענישן פון 9-טן יאנואר, קעגן יאפאנישער מילכאמע און „קעגן דער עקזיסטירנדיקער ארדענונג" ביכלאל...

אין באלטישן געגנט האט די באוועגונג ארומגעכאפט אלע באדייטנדיקסטע פונקטן—ריגע, רעוועל, ליבאווע, מיטאווע, ווינדאווע, פערנאוו און אנדערע. דער כאראקטער פון דער באוועגונג איז געווען דערזעלביקער ווי אין פוילן.

אין ריגע האָט דער שטרייק אַרומגעכאַפּט ביז 60 טויזנט אַרבעטער, קיין פּראָפעסיאָנעלע פאַדערונגען האָבן זיי ניט אַרויסגעשטעלט. אין פאַרשיידענע טיילן שטאָט האָבן די אַרבעטער אָרגאַניזירט מאַסנדעמאָנסטראַציעס מיט פאַרשיידענע רעוואָלוציאָנערע אויסרופן...

אַף קאַווקאַז האָט די שטרייקבאַוועגונג זיך אָנגעהויבן פונם 20-טן אָן. דער שטרייק איז אומעטום געווען אַן אַלגעמיינער און געטראָגן אַ ריין פּאָליטישן כאַראַקטער. קיין פּראָפעסיאָנעלע פאָדערונגען האָט מען אָדער גאָרניט אַרויסגעשטעלט, אָדער בלויז צום סאָף פונם שטרייק. מיט אַ באַזונדער באַגייסטערונג איז דער שטרייק דורכגעגאַנגען אין טיפליס, באַטום, קוטאַיס און אין אַנדערע פונקטן. אין די אַלע פונקטן זיינען אויך געווען גאַסנדעמאָנסטראַציעס. אין אייניקע פונקטן איז צוגעשטאַנען אויך דאָס פּויערטום צו דער באַוועגונג. ס'זיינען געווען אַפילע פּרווון צו פאַנאַנדערנעמען די רעלסן פונם אייזנבאַן, און אַזוי אַרום אָפּשטעלן די אייזנבאַנבאַוועגונג.

אינם מאַירעווקאַנט האָט די באַוועגונג אייגנטלעך געטראָגן דעמזעלביקן כאַראַקטער, וואָס אין אַלע איבעריקע ראַנדפונקטן. נאָר העיויס, ווי די גרויס-אינדוסטריע איז דאָ לעפּיערך אַן אומבאַדייטנדיקע, האָט די באַוועגונג דאָ ניט געקאָנט האָבן אַזאַ גרויסן פאַרנעם, ווי אין ערטער מיט אַ הויך אַנטוויקלטער אינדוסטריע.

דער הויפּטאַנטיילנעמער אינם דאָזיקן ראַיאָן איז געווען דער יידישער האַנטווערקערפּראָלעטאַריאַט. ניט געקוקט דערויף, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט איז דאָ ניט קאָנצענטרירט געווען אין גרויסע מאַסן, האָט זיך דאָך איינגעגעבן דעם „בונד", אָט דער עלטסטער און דערפאַרענער ס.ד.-אָרגאַניזאַציע, צו פאַרייניקן און פאַרבינדן די צושפּליטערטע עלעמענטן אונטער זיין אָנפירונג און צוגעבן דער באַוועגונג אַ שטרענגאָרגאַניזירטן כאַראַקטער.

ווי נאָר ס'האָבן זיך באַקומען די ערשטע ידיעות פון פּעטערבורג, האָט זיך אין דער מערהייט שטעט פונם דאָזיקן ראַיאָן זיך געבילדעט אַ קאָאַליציע פון אַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען מיטן „בונד" בעראָש. מ.האָט באַלד גערופן די אַרבעטער צום שטרייק. דאָס צענטראַלע אָרט אין דערדאָזיקער באַוועגונג האָט פאַרנומען ווילנע. דער שטרייק איז דאָ אַדורך פרידלעך און אָרגאַניזירט און האָט געדויערט פונם 12-טן ביזן 17-טן. אויסער די אַרבעטער פון אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, האָבן אין שטרייק זיך באַטייליקט ביז 4000 האַנדלאָנגעשטעלטע.

אין אייניקע קלענערע פונקטן זיינען געווען צוזאַמענשטויסן מיט פּאָליציי. אין האָרקי (מאָלעווער גובערניע) האָט פּאָליציי געשאָסן אַף אַ דעמאָנסטראַציע און געהאַרגעט צוויי און פאַרוואונדעט 4 כאַוויירים.

אין קרינקי האָט די מאַסע קימאַט ווי פאַרכאַפּט די מאַכט אַף אַ טאָג, איידער ס'זיינען אונטערגעקומען סאָלדאַטן. אין אַ סאַך קלענערע פונקטן זיינען

אָרגאַניזירט געוואָרן מיטינגען, געווידמעט דעם „9-טן יאַנוואַר״. די מיטינגען זיינען געווייִנטלעך פאָרגעקומען אין די שולן.

די רוסישע אַרבעטערבאַפעלקערונג, וועלכע איז געווען באַדייטנד אָפּגע-שטאַנענער, איידער די יידישע אַרבעטער, האָבן אין גרעסטן טייל זיך ניט באַ-טייליקט אין שטרייק. אינם גאַנצן ראַיאָן האָבן די שוואַרצמעיִשע קויכעס מיט דער פּאָליציי געפירט אַן אַנטיסעמיטישע און פּאָגראָמאַגיטאַציע. דער יידישער באַלעבאָס האָט געהאַלטן אין איין ציטערן. דאָס האָט אָבער ניט אָפּגעשטעלט די באַוועגונג, וועלכע האָט אַרומגעכאַפּט ניט בלויז אַזעלכע גרעסערע פּונקטן, ווי ווילנע, מינסק, האָמלע, קאָוונע, וויטעבסק מאָלעוו, נאָר אויך אַ גאַנצע ריי קליינע פאַרוואָרפענע יידישע שטעטלעך, ווו עס איז ביז דעמאָלט געווען „שטיל און גלאַט״...

* * *

גאָר אַן אַנדער בילד האָט פון זיך פאָרגעשטעלט די באַוועגונג אין צענטראַלרוסלאַנד. דאָ האָט די באַוועגונג קימאַט אומעטום (אויסער סאַראַ-טאָוו) געטראָגן ניט קיין אויסגעשפּראָכענעם פּאָליטישן כאַראַקטער.

דער „9-טער יאַנוואַר״ האָט דאָ געדינט בלויז ווי א שטויס אופצוועקן די קלאַסנסאָלידאַריטעט פון די אַרבעטער און אַריינצוציען זיי אין א פּאַר-אַקשנטן „עקאָנאָמישן״ קאַמף...

אַזאַ מין עקאָנאָמישן כאַראַקטער האָט געטראָגן אויך די שטרייקבאַווע-גונג אין כאַרקאָוו, אין דאָנעצער ראַיאָן, אין ראָסטאָוו אַפּן דאָן און אין אַנ-דערע שטעט. דערדאָזיקער שטרייקשטראָם האָט דערנאָך פאַרכאַפּט אַף גאַנצע כאַדאָשים—פעוורואַל, מאַרט און אַפּרעל,--גאַנצע הונדערטער שטעט און שטעטלעך.

גאָר אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמט דער שטרייק אין סאַראַטאָוו, פון וואַנען די שטרייקבאַוועגונג האָט זיך דערנאָך אַריבערגעוואָרפן אַף די רוסישע אייזנ-באַנען. דער שטרייק אין סאַראַטאָוו האָט זיך אָנגעהויבן דעם 12-טן יאַנוואַר. אין אונטערשייד פון צענטראַלרוסלאַנד האָט דאָ לעכאַטכילע דער שטרייק, אזוי ווי אין די ראַנדגעגנטן, געטראַגן אַ פּאָליטישן כאַראַקטער. ס׳האָבן געשטרייקט ניט בלויז אַרבעטער, נאָר אויך האַנדלאָנגעשטעלטע, זעמסטוואָנגעשטעלטע און לערניוגנט. צו די שטרייקנדיקע זיינען אויך צוגעשטאַנען די אייזנבאַנאָנ-געשטעלטע.

נאָכן 17-טן יאַנוואַר איז דער שטרייק געווען דערקלערט פאַר פאַרענ-דיקט אַלס פּאָליטישער פּראָטעסט. ס׳האָבן זיך דאַן אָנגעהויבן אַ ריי איינצלנע פּראָפעסיאָנעלע שטרייקן. אַזאַ מין שטרייק איז אויך דערקלערט געוואָרן אין דער פאַרוואַלטונג פון ריאַזאַנער-אוראַלער אייזנבאַן...

19-טן יאַנוואַר האָבן זיך סאַראַטאָווער אייזנבאַנער דערשלאָגן באַדייטנ-דיקע האַנאָכעס. די יעדיע וועגן ניצאָכן פונם ערשטן אייזנבאַנשטרייק אין רוס-לאַנד האָט געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושעם אַף די אייזנבאַנער פון אַנדערע ראַ-יאָנען. זיי האָבן אָנגעהויבן באַגרייפן, וואָס פאַר אַ קויעך זיי שטעלן מיט זיך

פֿאָר, און ווי אַזוי מ׳מוז זיך מיט זיי רעכענען. די שטרייקבאַוועגונג ווערט אַריבערגעוואָרפֿן אין פֿאַרשיידענע אייזנבאַנראַיאָנען. 4 פֿעוראַל הויבט אָן שטרייקן די ליניע מאָסקווע—ווינדאַווע און די וואָראָנעזשער פֿאַרוואַלטונג פֿון די דאָרעמיזרעכדיקע אייזנבאַנען.

די רעגירונג ווערט זייער באַאומרויִקט פֿון דער אייזנבאַנשטרייקבאַוועגונג און זי איילט זיך נאָכצוגעבן. ס׳ווערט צייטווייליק איינגעפֿירט אַ 9 שאָ׳קער אַרבעטטאָג אין אַלע אייזנבאַנוואַרשטאַטן.

די באַוועגונג שטעלט זיך אָבער ניט אָפּ. זי צעוואַקסט זיך נאָך מער. 8 פֿעוראַל ווערט דערקלערט א שטרייק אַף מאָסקווע-בריאַנסקער ליניע... 9-טן — אַף וואַרשעווער-ווינער ליניע... 11-טן פֿעוראַל שטעלט זיך אָפּ די באַוועגונג אַף אַ גאַנצער ריי ליניעס: סאַראַטאָוו-קאָזלאָוו, סאַמאַרע-אופֿע, ריגע-אָריאָל, מאָסקווע-ריאַזאַן און אַנדערע. אין קיעוו ווערט דערקלערט אַ שטרייק אין דער פֿאַרוואַלטונג פֿון די דאָרעמאירעוודיקע אייזנבאַנען.

אַ גאַנצע ריי ליניעס דערשלאָגן זיך באַדייטנדיקע „עקאָנאָמישע” האַ-נאָכעס... מיט אַ באַזונדער איינגעשפּאַרטקייט און אַנטשלאָסנקייט האָט זיך אויסגעצייכנט דער קאמף פון די אייזנבאַנאָנגעשטעלטע אַף קאַזאַנער ליניע (מאָסקווע-ריאַזאַן)...

# די רעוואלוציאָנערע טעג אין קרינקי (גראָד־נער גובערניע).

(פֿון בונדישע „פּאָסל. איזוועסטיע“ נומ. 219 פֿון 1905).

ווי נאָר ס׳האָבן זיך באַקומען די ערשטע ידיעות וועגן די געשעענישן אין פּעטערבורג, האָבן מיר אָנגעהויבן אַ טעטיקע אַגיטאַציע... ס׳האָט זיך געבילדעט אַ פֿעדעראַטיווע קאָמיסיע פֿון פֿאָרשטייער פֿון אונדזער בונדישער אָרגאַניזאַציע און פֿון דער אָרגאַניזאַציע פּ.ס.ד. די קאָמיסיע האָט אויסגעאַרבעט אַן אַלגעמיינעם פּלאַן פֿון אַרבעט. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אָפּצושטעלן די אַרבעט אין גאַנצן שטאָט, צו אָרגאַניזירן אַ דעמאָנסטראַציע און מאַכן אַן אָנפֿאַל אַף אַלע רעגירונגאַנשטאַלטן... מאָנטיק, 17 יאַנוואַר, איז אַיינגעאָרדנט געוואָרן אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע. די פּאָליציי האָט זיך אויסבאהאַלטן—די דעמאָנסטראַנטן זיינען מיט פּאָנען, געזאַנג און אויסרופֿן אַוועק צו סוויסלאָטשער גאַס, צו דער פּאָסטקאנטאָר. דער טויער איז דאָרט געווען פֿאַרשפּאַרט. די דעמאָנסטראַנטן האָבן געפֿאָדערט מ׳זאל עפּענען דעם טויער, נאָר מ׳האָט זיי דערין אָפּגעזאָגט. דעם טויער האָט מען אופֿגעבראָכן. די אַרבעטער האָבן זיך אַריינגעריסן אין קאנטאָר און האָבן דאָרט צובראָכן דעם טעלעגראַפֿאַפּאַראַט און צוריסן און פֿאַרניכטעט אלע ביכער. אין קאָסע איז געווען באַ 18 טויזנט רובל די אַרבעטער האבן דאָס געלט ניט אָנגערירט, ניט געקוקט דערויף, וואָס דער פּאָסטנאַטשאַלניק האָט זיי פֿאָרגעלייגט די שליסלען פֿון קאסע. פֿון דאָרט זיינען זיי אוועק צום הויז פֿון פּאָליציי־פֿאַרוואַלטונג און צו דער יידישער מעשטשאַנסקער אופּראַווע. אין פּאָליציי־פֿאַרוואַלטונג איז קיינער ניט געווען, די אַרבעטער האָבן גענומען פֿאַרניכטן אַלץ, וואָס זיי האָבן דאָרט געפֿונען: דעם קייסערס בילדער, ביכער, פּאַפּירן, קאַרטלעך פֿון „פֿאַרדעכטיקע פּערזאָנען“ א. א. וו. זיי האָבן דאָרט אויך געפֿונען א ביקס און א שווערד. זיי האבן אָבער ניט געוווסט, ווו ס׳ליגן די פּאַטראָנען. עטלעכע אַרבעטער זיינען אוועק צום איספּראַווניקס ווייב מיט דער פֿאָדערונג, זי זאָל אָנווייזן, ווו געפֿינען זיך די פּאַטראָנען. זי האָט זיי אָפּגעזאָגט און געמאַכט פֿאָרוורפֿן די אַרבעטער, אַז „זיי האבן ניט קיין גאָט אין האַרצן“ א. ד.ג... די ארבעטער זיינען אַוועק מיט דערזעלביקער פֿאָדערונג צום סעקרעטאַר פֿון פּאָליציי. יענער האָט אויך גע־פּרווט לעכאַטכילע זיך ארויסדרייען, נאָר נאָכדעם, ווי ער האָט באקומען עט־

לעכע גוטע קלעפּ, האָט ער זיך אונטערגעגעבן און אָנגעוויזן. די אַרבעטער האָבן צוגענומען די פּאַטראָנען און דעם פּולווער. דאָסזעלביקע האָבן די אַרבעטער געטאָן מיט דער ייִדישער מעשטשאַנסקער אופּראַווע.

פֿאַרענדיקט מיט דידאָזיקע אָנשטאַלטן, זיינען די דעמאָנסטראַנטן אַוועק צו דער וואָלאָסטפּאַרוואַלטונג און געטאָן דאָרט דאָסזעלביקע, וואָס זיי האָבן געטאָן אין דער פּאָליציי־פֿאַרוואַלטונג און אין דער מעשטשאַנסקער אופּראַווע...

די גאַנצע מאַסע דעמאָנסטראַנטן איז מיט געזאַנג און מיט רעוואָלוציאָנערע אויסגעשרייען אוועק צו דער קאַזיאָנער „מאָנאָפּאָלקע"... גראד האָט מען אין דעם טאָג געבראַכט אַ טראַנספּאָרט מיט בראַנפֿן. דעם גאַנצן בראַנפֿן האָבן די אַרבעטער פֿאַרניכטעט—מ'האָט קיינעם ניט דערלויבט צו נעמען דעם בראַנפֿן אף טרינקען... די גאַנצע פּאָליציי איז אַנטלאָפֿן. אין שטאָט איז געבליבן בלויז איין פּאָליציינאַדזיראַטעל, ער איז געלעגן אַ קראַנקער צו בעט און האָט ניט געקאָנט אנטלויפֿן.

מיט א וואָך פֿאַר דעם האָט דערדאָזיקער נאַדזיראַטעל געשאָסן אף אַן אַרבעטערמאַניפֿעסטאַציע. ער האָט דעריבער געשיקט צו דער אָרגאַניזאַציע אָנפֿרעגן, צי וועט מען קומען צו אים. מ'האָט אים געענטפֿערט, אַז ער זאָל אָפּגעבן זיין רעוואָלווער און זיין שווערד, וועט מען אים ניט טשעפּען.

ער האָט געטאָן, וואָס מ'האָט אים געהייסן.

די שטאָט איז אינגאַנצן „אָפּגערייניקט" געוואָרן און איז געווען אין די הענט פֿון די אַרבעטער. די פּויערים פֿון די ארומיקע דערפֿער, וועלכע פֿלעגן געוויינטלעך ברענגען אין שטאָט פֿאַרשיידענע פּראָדוקטן אף צו פֿאַרקויפֿן, האָבן געהאלטן אין איין שרייען: „נידער מיט דער זעלבסטהערשונג!". פּאָליציי איז ווי אף דער וועלט גאָרניט געווען. אַף אָפּצוהיטן די אָרדענונג אין שטאָט האָט אונדזער אָרגאַניזאַציע איינגעשטעלט ספּעציעלע דעזשורסטוועס.

די שטאָטאַיינוואָינער האבן זיך מיט פֿאַרשיידענע פֿראַגן געווענדעט צו דער אָרגאַניזאציע. איינער אַ קרעמער האָט אַפּילע באדויערט, וואָס ער האָט אַרויסגענומען אַ האנדלשיין אפֿן נייעם יאָר...

נאָכדעם, ווי די ארבעטער האָבן פֿאַרענדיקט מיט די רעגירונגאַנשטאלטן זיינען זיי זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען, אף מאָרגן 10 א זייגער פֿרי איז געווען באשלאָסן זיך ווידער צונויפֿקלייבן איגיינעם. ביז 10 אַ זייגער האָבן די ארבעטער דערוויזן אָפּנעמען דאָס געווער בא פּריוואַטע פּערזאָנען.

דערווייל האָט אנגעהויבן אונטערקומען סאָלדאַטן. ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, זיינען דער איספּראווניק און די איבעריקע פּאָליצייבאַאַמטע אַוועק אין אַ נאָענטער שטעטל סאָקאָלקי (3 מייל פֿון קרינקי) און פֿון דאָרט האבן זיי טעלעגראַפֿיש געבעטן הילף באם גובערנאַטאָר. דער לעצטער האָט אַרויסגעשיקט סאָלדאַטן. אינגיכן האָבן זיך די סאָלדאטן אנגעשטויסן פּאָנימעלפּאָנים

מיט די ארבעטער. אַלע האָבן זיך באוואָפנט, ווער נאָר מיט וואָס ס'האָט גע-קאָנט.

פרויען האבן זיך באוואָפנט מיט שטיינער און האבן געשריען: „ברידער, מיר וועלן קעמפן אף לעבן און טויט—מיר וועלן ניט אָפטרעטן!" די אָפיצערן האָבן געפירט אונטערהאנדלונגען מיט די אַרבעטער און צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן ניט שיסן און וועלן קיינעם ניט טשעפען, אויב נאָר די אַרבעטער וועלן זיך פאַנאַנדערגיין איבער זייערע הייזער.

די ארבעטער האָבן אבער אין מעשעך פונם גאַנצן טאָג זיך צונויפגע-קליבן מאסנווייז אָט דאָ, אָט דאָרטן. די סאָלדאַטן האבן געהאלטן אין איין צוטרייבן די ארבעטער. אינגיכן איז געקומען דער גובערנאַטאר אליין. די שטאָט האט אים, ווי געווײַנטלעך, ארויסגעטראָגן ברויט-זאלץ. ער האָט זיי אבער אַלעמען באַגעגנט מיטן נאָמען „בונטאָווששיקעס".

---

קאוואלענקאָ.

# דער אופֿשטאנד אפֿן פאנצערשיף „פאטיאמקין“.

(14 יוני, 1905).

... אַ גרופּע באוואָפֿנטע מאַטראָסן איז אַרויסגעלאָפֿן אַפֿן שיפֿדעק און האָט פֿון דאָרט גענומען שיסן אַף די אָפֿיצערן. דער לייטענאַנט גערפאקאיעוו איז באלד געפֿאלן טויט. די אָפֿיצערן האבן זיך דערשראָקן און זיינען זיך צעלאָפֿן. דער עלטסטער אָפֿיצער, וועלכער איז ארומגערינגלט געוואָרן פֿון די מאַטראָסן, האט באַ איינעם פֿון זיי ארויסגעכאפּט די ביקס, אויסגעשאָסן און אַף טויט פֿאַרוואונדעט דעם מאטראָס וואקולענטשוק... וואקולענטשוק איז געבליבן ליגן אפֿן שיפֿדעק אין אַ טייך בלוט... די מאטראָסן האָבן דערנאָך ארויסגעפֿירט אפֿן פאלוב דעם קאפּיטאַן פֿון 1-טן ראנג גאליקאוו... ווי נאָר גאליקאוו האט זיך באוויזן אפֿן פאלוב, האבן זיך דערהערט קוילעס פֿון האַמוין:

— אופֿהענגען אים! אופֿהענגען! ער פלעגט דאָך אונדז קעסיידער שרעקן מיט דער טליע.

שיסן!—האָט באַשלאָסן די מערהייט.

צו אָוונט צו, איז אונדזער פאַנצערשיף געקומען אין אדעסער האַפֿן און זיך אָפּגעשטעלט אַפֿן אויסערלעכן אנקערפלאַץ. פֿון מאטיושצענקען זיינען מיר געוואָר געוואָרן, אז וואקולענטשוקס טויטן קערפּער האָט מען אראָפּגעלאָזט אַפֿן ברעג און אז לעבן קערפּער האָט זיך צענויפֿגעקליבן אַ גרויסער אוילעם מענטשן. מיר זיינען געוואָר געוואָרן, אַז שוין עטלעכע טעג, ווי די ארבעטער אין אָדעס זיינען אומרויִק. צווישן ארבעטער מיט פּאָליציי און מיליטער קומען אַמאָל אויך פֿאר בלוטיקע צוזאמענשטויסן.

אינאָוונט האבן זיך אין האַפֿן אָנגעהויבן קלייבן די אזוי גערופֿענע „באָרוויסע“. ס׳האָבן זיך צווישן זיי באוויזן עפּעס פארדעכטיקע פּאַרשוינען, וועלכע האָבן אפֿן גערופֿן צו אַ פּאָגראָם... די באָרוויסע האבן זיך קוידעמקאָל אַ לאָז געטאָן צו די קאזיאָנע וויינקראָמען. זיי האבן ארויסגעשלעפּט דעם גאנצן בראנפֿן און זיך אָנגעשיִקערט. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ עכטע ווילדע אָרגיע. דער שיקערער האמוין האָט גענומען ראבירן און ברענען אַלץ, וואָס איז געקומען צום האנט. ס׳האבן ניט געהאלפֿן קיינע באקאָשעס מיצאד די ארבעטער אָפּצושטעלן דאָס אומזיניקע ווילדעווען. ניט מיט גוטן, ניט ביט בייזן האָט מען ניט געקאנט אָפּשטעלן דעם צעווילדעוועטן האַמוין, וועלכער האָט

פֿאַרלוירן דעם פֿאַרשטאַנד. לעסאָף איז געקומען מיליטער, מ׳האָט אָנגעהויבן שיסן...

מיר האָבן באַקומען אַ ידיעה, אַז אין שטאָט-טעאַטער קומט פֿאָר אַ זיצונג פֿונם מיליטער-ראַט מיטן קאָמאַנדיר איבער אָדעסער מיליטער, גענעראַל קאַכאַנאָווסקי, בעראָש. דער טעאַטער איז געווען אַרומגערינגלט מיט מיליטער. פֿאַר אונדז אַלעמען איז געווען קלאָר, אַז מ׳דאַרף באָמבאַרדירן דעם טעאַטער. אין דעם זיינען געווען איינשטימיק אַלע קאָמיסיע-מיטגלידער... מ׳האָט גענומען אָנלאָדן די האַרמאַטן. איינס נאָכן אַנדערן האָבן מיר געגעבן דריי פּוסטע שאָסן... אין אַ האַלבער שעה אַרום האָבן מיר גענומען זיך גרייטן צו אַווירקלעכער שיסעריי...

מ׳האָט געגעבן אַ סיגנאַל אָף אָנצוהויבן שיסן. ס׳האָט אַ קנאַק געטאָן אַ האַרמאַטנקויל איז אַוועקגעפֿלויגן אין דער ריכטונג צום טעאַטער. איך האָב זיך שטאַרק איינגעקוקט אין טעאַטער, צי האָט אַ הין געטראָפֿן די קויל. דער טעאַטער איז אָבער געבליבן שטיין, ניט צושעדיקט... אַ נייער סיגנאַל, נאָך אַ שאָסקנאַל. די האַרמאַטנקויל איז אָבער ווייטער פֿאַריבער פֿאַרביי דעם טעאַטער... דערדאָזיקער צופֿאַל האָט בא אַלעמען אַזוי ווי אָפּגענומען דעם מוט, און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אָפּשטעלן די שיסעריי... מיר האָבן אַוועקגעשיקט צום קאָמאַנדיר איבערן מיליטער אַ שריפֿטלעכע מעלדונג פֿון דער קאָמאַנדע „פּאָטיאָמקין", אין וועלכער מיר האָבן דערקלערט, אַז אויב זיי וועלן ניט אופֿהערן צו שיסן אין אַרבעטער אָף די גאַסן, וועט די קאָמאַנדע אָנעמען די סאַמע אַנטשיידנסטע מיטלען... מיר האָבן שוין אָנגעהויבן באַהאַנדלען דעם פּלאַן, ווי אַזוי זיך ווייטער צו האַלטן בענוגע צו אָדעס. נאָר פּלוצלונג האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ נייער אומשטאַנד, וועלכער האָט אונדזער אופֿמערקזאַמקייט אָפּגעווענדעט גאָר אָף אַן אַנדער זייט. דורכן כאַלעל פֿונם אויבערשטן פּאַלובֿ האָבן מיר דערהערט די אייגנאַרטיקע קלאַנגען פֿון דראָטלאָזן טעלעגראַף... מיר האָבן זיך געווענדעט צום דעזשורנעם סיגנאַליסט און בא אים געפֿרעגט, וואָס זאָל עס באַדייטן.

— דער טעלעגראַפֿאַפּאַראַט האָט איבערגעכאַפּט אַ דעפּעש... די שיף „דריי ביסקופֿן" רופֿט אַרויס די פּאַנצער שיף „צוועלף אַפּאָסטאָלן"...

אָף אַזא אופֿן האָבן מיר פֿון מינוט צו מינוט געקאָנט וואַרטן אָף אַן עסקאַדרע... נאָך ניט קיין לאַנגער באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז ווי נאָר די עסקאַדרע וועט זיך באַווייזן אָפֿן האָריזאָנט, זאָלן מיר זיך לאָזן איר אַנטקעגן מיטן פֿולן גאַנג, און דער פֿולער גרייטקייט צו געבן אַ שלאַכט... צו דערקלערן אַן אַנטשיידענע שלאַכט מיט דער אויסרעכענונג, אַז אָדער געזיגט, אָדער אומגעקומען... די באַגייסטערונג איז געווען אַן אומגעווייגטלעכע.

אַ זייגער 6 האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אָפֿן האָריזאָנט האָט זיך באַוויזן אַן עסקאַדרע... אַלץ איז געקומען אין באַוועגונג... יעדער האָט געאײַלט צום אָרט, וווהין ער איז באַשטימט געוואָרן לויטן אויסגעאַרבעטן שלאַכטפּלאַן.

„פּאָטיאָמקין" איז געשוואומען פּאָרויס מיט פולן גאנג און האָט ראַשיק אַף ביידע זייטן געשפּאָלטן די בלויע וואלן. מיט יעדער מינוט זיינען מיר געוואָרן אַלץ נאָענטער צו דער עסקאַדרע... אלע שיפן זיינען געשוואומען אין דער ריכטונג צו אונדז. זיי זיינען געווען אויסגעשטעלט אין צוויי רייען. פאָרויס זיינען געגאַנגען די פּאַנצערשיפן און אַ מינענקרייסער. הינטן זיינען געגאנגען קאָנטר-מינענשיפלעך. מ'האָט אינגיכן געקאָנט אונטערשיידן, אַז די עסקאַדרע, ווי אויך „פּאָטיאָמקין" זיינען אין פולער שלאַכטבאַרייטקייט. די האַרמאַטן זיינען אויס-געשטעלט איבער די ראנדן... אָט זיינען מיר זיך שוין צונויפגעקומען מיט דער עסקאַדרע. „פּאָטיאָמקין" האָט זיך אריינגעריסן אין רער סאמע מיט פון דער עסקאַדרע, אזוי אַז די פּאַנצערשיפן „סינאָפּ", „געאָרגי פּאָבעדאָנאָסעץ", „צוועלף אפּאָסטאָלן" און דריי קאָנטרמינענשיפלעך זיינען דורכגעשוואומען פאַרביי זיין רעכטן ראַנד און די פּאַנצערשיפן: „ראסטיסלאוו" און „דריי ביסקופן", דער מינענקרייסער „קאזארסקי" און דריי קאָנטרמינענשיפלעך—פאַרביי זיין לינקן ראנד... „פּאָטיאָמקין" שטעלט לאנגזאם אָן זיינע הארמאטן אַף די דורכגייענ-דיקע שיפן... „ראסטיסלאוו" און „דריי ביסקופן" ענטפערן מיטן זעלביקן, נאָר פון זיי ווייעט מיט מאָרעשכוירעדיקייט. אַף די איבעריקע דריי פּאַנצערשיפן פילט זיך, אַז צווישן דער קאָמאנדע רודערט זיך... פלוצלונג שרייט מען אויס אַף דער אויבערשטער פּאלוב פון „פּאָטיאָמקין": „זאָל לעבן די פרייהייט! אוראַ!" ווי אַ דונער הילכט אָפּ אַף די אנקעגנדיקע דריי פּאנצערשיפן—אַ מעכטיק-פריינטלעכער „אורא!"

ס'איז שווער צו באשרייבן דעם עפעקט, וואָס דידאָזיקע סצענע האָט ארויסגערופן אַף אונדזער פּאַנצערשיף...

אין עטלעכע מינוט ארום איז די עסקאַדרע אריין אין אָדעסער האפן. מיר זיינען געבליבן אין מיטן יאַם. פונם אַדמיראלשיף האָט מען אונדז געגעבן אַ סיגנאַל, אַז די „עסקאַדרע שטעלט זיך אַפן אַנקער". מיר האָבן געענטפערט: „זאָלן די אָפיצערן איבערלאָזן די שיפן און אראָפּגיין אפן ברעג", קיין ענט-פער איז דערוף ניט געווען. אונדזער פּאנצערשיף האָט דאַן געמאַכט אַ קרייז און זיך געלאָזט צום ברעג. ווען די עסקאַדרע האָט באַמערקט דעמראָזיקן מאַ-נעוור—האָט זי זיך געלאָזט אין יאַם... ווען די עסקאַדרע איז געווען פון אונדז אַף אַ באַדייטנדיקן מערכאק, האָט „געאָרגי פּאָבעדאָנאָסעץ" פלוצלונג אָנגע-הויבן אָפּצושטיין. פון דער עסקאַדרע און האָט, ענדלעך, זיך אָפּגעשטעלט.. מיר האָבן געגעבן „געאָרגי פּאָבעדאָנאָסעצן" אַ סיגנאַל צוגיין צו אונדז... ס'האָט אָנגעהויבן קלינגען די אַנקערקייט און „געאָרגי פּאָבעדאָנאָסעץ" האָט זיך גע-שטעלט אַ ביסל הינטער אונדז...

די פרייד פון אונדזער קאָמאַנדע איז געווען אָן אַ ברעג! מיר האָבן דאָך איצט באַ אַ געווויסער מאָס אַ רעוואָלוציאָנערע עסקאַדרע: צוויי פּאַנצערשיפן, אַ מינענשיפל און אַ שפּיטאָלשיף. מיט אַזאַ מין קויעך קאָן מען האַנדלען גאַנץ קאַטעגאָריש און אַנטשיידן...

דאָס צושטיין צו אונדז פֿון אַ נייער פאנצערשיף האָט געמאַכט דעם גע־העריקן רוישעם אַף די מאַכטפֿאָרשטייער און אף דער אָדעסער באַפֿעלקערונג. צום ראנד פֿון „פאָטיאָמקין״ איז אַף אַ דאַמפֿשיפֿל אונטערגעפֿאָרן דער קאַפּיטאַן איבערן האַפֿן און זיך געפֿרעגט, וואָס מיר פֿאַרלאַנגען. מיר האָבן געענטפֿערט: „מיר פֿאָדערן, אַז דער קאָמאַנדיר איבערן אדעסער גאַרניזאָן זאָל אַנטוואָפֿענען זיין מיליטער און אַז ער זאָל איבערגעבן דאָס געוועזענע אי[illegible] פֿון פֿאָלק, וועלכער וועט אזוי ארום קאָנען בילדן אַ נאַציאָנאַלע גוואַרדיע אַף צו פֿאַר־טיידיקן זיינע רעכט״... דער קאַפּיטאַן איז אָפּגעפֿאָרן פֿון אונדז...

---

# רעוואלוציאנערע ארמיי און רעוואָלוציאנערע רעגירונג.

(פֿון לעניִנס אַן אַרטיִקל).

דער אופשטאַנד אין אָדעס און דאָס אַריבערגיין פֿון דער פּאַנצערשיף
„פּאָטיאָמקין" אַפֿן צאַד פֿון דער רעוואָלוציע באַדייטן אַ נייעם און גרויסן טריט
פֿאָרויס אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג קעגן דער
זעלבסטהערשונג. די געשעענישן האָבן מיט אַן אומגעהויערער שנעלקייט באַ-
שטעטיקט, אַף וויפל ס'זיינען געווען צו דער צייט די צורופֿן צו אַן אופשטאַנד
און צו ביִלדן אַ צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג, מיט וועלכע די פּאַר-
שטייער פֿון באַוווּסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט האָבן זיך געווענדעט צום פֿאָלק.
דער נייער אופֿבליץ פֿונם רעוואָלוציאָנערן פֿייער באַגיסט אַ העלן שיין אַף דער
פּראַקטישער באַדייטונג פֿון דידאָזיקע צורופֿן און צווינגט אונדז גענויער צו
באַשטימען די אופגאַבן פֿון די רעוואָלוציאָנערע קעמפֿער אין איצטיקן
מאָמענט.

קיינע רעפרעסיעס, קיינע טיילווייזע ניצחונעס איבער דער רעוואָלוציע
וועלן ניט פֿאַרניכטן דעם באַטייט פֿון דערדאָזיקער געשעעניש. דער ערשטער
טריט געמאַכט ... איצט איז אונדזער זאַך — מיט אַלע קויכעס אונטערצושטיצן
דידאָזיקע פּרווון, געבן צו דערקלערן די סאַמע ברייטע מאַסן פֿונם פּראָלע-
טאַריאַט און פֿונם פויערטום, וואָס פֿאַר אַן אַלגעמיינע באַדייטונג די רעוואָ-
לוציאָנערע אַרמיי האָט אינם קאַמף פֿאַר פֿרייהייט, העלפֿן די איינצלנע אָפּטיילן
פֿון דערדאָזיקער אַרמיי אַרויסצושטעלן די אַלגעמיינע פֿאָלקפֿאָן פֿון פֿרייהייט
און אַריינציען די מאַסן אינם קאַמף ...

בונטן, דעמאָנסטראַציעס גאַסנשלאַכטן, אָפּטיילן פֿון דער רעוואָלוציאָנע-
רער אַרמיי — דאָס זיינען די אַנטוויקלונגעטאַפּן פֿונם פֿאָלקאופֿשטאַנד.

די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי איז נויטיק צוליבן מיליטערישן קאַמף, צוליב
דער מיליטערישער אָנפֿירונג מיט די פֿאָלקמאַסן אין קאַמף קעגן די רעשטלעך
פֿון דער מיליטערקראַפט פֿון דער זעלבסטהערשונג. די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי
איז נויטיק דערפֿאַר, ווייל בלויז מיט קראַפט קאָן מען לייזן גרויסע היסטאָרי-
שע פֿראַגן, און אַ אָרגאַניזירטע קראַפֿט באַ היינטיקן קאַמף — קאָן זיין בלויז
אַ מיִליטעראָרגאַניזאַציע.

# דער פויער בונטעוועט.

(פֿון טראָצקי׳ס „1905 יאָר״).

...לאָמיר זיך צוקוקן נעענטער, ווי אַזוי דער פויער מאַכט זיין רעוואָלוציע.

אין סאַמאַרער גובערניע האָבן די פויערישע אומרוען ארומגעכאַפּט 4 אויעזדן. לעכאַטכילע פֿלעגט דאָס פֿאָרקומען אַזוי: די פויערים פלעגן קומען אין די פריצישע עקאָנאָמיעס און ארויספירן פֿון דאָרט בלויז פּראָוויאַנט פֿאַר פֿי. דערביי פלעגן זיי גענוי אויסרעכענען, וויפל פֿי ס׳איז פֿאַראַן אין גוט, און פֿלעגן אויסטיילן פֿאַרן פֿאָריך די נויטיקע צאָל פּראוויאַנט. דאָס איבעריקע האָבן זיי אַרויסגעפֿירט אַף זייערע פֿורן. געטאָן די אַרבעט האבן זיי רויק, אן גוואַלדטאטן „אלפי יוישעו״. זיי האָבן געפֿלייסט זיך אַזוי צונויפריידן מיט די פריצים, אַז ס׳זאָל ניט אַרויסקומען קיין שום סקאַנדאַל. דעם גוטבאַזיצער פֿלעגן זיי געבן צו פֿאַרשטיין, אַז ס׳זיינען אָנגעקומען נייע צייטן און אַז מען דאַרף אָנהויבן לעבן אַף אַ נייעם שטייגער: ווער ס׳האָט אַ סאַך, דאַרף זיך טיילן מיט יענעם, וואָס פֿאַרמאָגט גאָרנישט... איינצלנע גרופן „באַפֿולמעכטיקטע״ פלעגן דערנאָך ערשט אַוועק אַף די אייזנבאַנסטאַנציעס, ווו ס׳איז געווען אָנגעלאָדן פריצישע טוווע. די „באַפֿולמעכטיקטע״ פֿרעגן ווּעמענס טוויע דאָס איז און דערקלערן דערביי, אַז לויטן באַשלוס פֿון „דארפֿקאָהאל״ („Мир“) — וועלן זיי מיט זיך אַוועקפֿירן די טוווע.

— ווי אַזוי זשע, ברידערלעך, ווילט איר טאָן אזא זאך, — דערווידערט דער נאַטשאַלניק פֿון סטאַנציע, — איך וועל דאָך מוזן טראָגן די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט דערפֿאַר... האָט אף מיר ראכמאָנעס... — „וואָס איז דאָ צו ריידן — זיינען מאַסקים די גרויזאַמע „עקספּראָפּריאטאָרן״ — מיר האָבן קלאַל ניט געהאַט בעדייע דיך צו באאוולען... די הויפּטזאַך, ס׳איז אונדז זייער צום האַנט: די סטאַנציע איז נאָענט... ס׳האָט זיך ניט געוואָלט פֿארן אפֿן כוטאר, ווייט זייער... נאָר ס׳איז גאָרניט צו מאַכן: מ׳וועט מוזן צופֿארן אפֿן כוטאר און פֿאַרנעמען דאָס ברויט דירעקט פֿון די שפּייכלערס״...

דאָס ברויט אף די סטאנציעס בלייבט ניט גערירט. זיי קערן זיך צוריק אַף די עקאָנאָמיעס, ווו זיי צוטיילן זיך מיטן ברויט אף א גערעכטיקן אויפֿן. נאר ס׳האט פּאַסירט, אז פּריצים האבן געפּרוווט ארויסווייזן א ווידערשטאנד

דעמאלט האט דער גוטמוטיקער פויער זיך געגומען בריקעווען און האָט ניט איבערגעלאזט אינם פּריצישן גוט קיין שטיין אַף אַ שטיין...

פּאַר א קורצער צייט האָט מען אין לאנד פֿאַרבערנט און פֿארניכטעט אריבער 2000 פּריצישע גיטער, דערפון אין איין סאראטאווער גובערניע — 272, לויט די אפּיציעלע ידיעס פֿון די גובערניעס, וועלכע האָבן אמערסטן געליטן האָבן די פּריצים דארטן געהאט שאָדן אף 29 מיליאן רובל. אין איין סארא-טאווער גובערניע האט דער שאדן באטראפֿן 10 מיליאן רובל...

די פּויערישע אופֿשטאנדן האָבן געטראגן אַ כאַאָטישן, מעטושטעשדיקן כאראקטער. ס'האבן זיך שוין אבער געפֿילט געוויסע סימאנים פֿון פּאליטישער דערוואכונג...

די אגיטאַטארן פֿלעגן צונויפֿרופֿן דאָרפֿישע פארזאַמלונגען און פלעגן ווירקן אַף זיי, אז זיי זאלן אנעמען רעזאלוציעס וועגן אפּשאַפֿן פּריוואטאייגנ-טום אף ערד און וועגן צונויפֿרופֿן א פֿאלקפֿארשטייערשאפֿט...

אין אווגוסט כוידעש איז הינטער מאסקווע פֿארגעקומען דער ערשטער פּויערישער צוזאמענפֿאר. העכער הונדערט פארשטייער פֿון 22 גובערניעס האָבן אפּגעהאלטן זייערע זיצונגען אין מעשעך פֿון צווי מעסלעס ערגעץ אין אן אַלטן גרויסן שייער: אפֿן דאזיקן צוזאמענפֿאר איז צום ערשטן מאל פֿארמולירט געוואָרן די אידייע פֿון אן „אלרוסלענדישן פּויערימפֿאַרבאַנד", וועלכער זאל פֿאראייניקן די פֿיל פארטעישע און אומפֿאַרטעיִשע פּויערים און אינ-טעליגענטן...

אין א סאך גובערניעס זיינען פֿארגעקומען פּויערישע צוזאמענפֿארן. אין דארף האָט זיך געפֿירט א פֿיבערהאפֿטע אגיטאציע. פֿון די שטעט פֿלעגט מען איבערוואַרפֿן אין די דערפֿער גאַנצע בערג רעוואָלוציאנערע ליטעראטור. דער פּויערימפֿארבאנד איז געוואָרן אלץ שטארקער און פעסטער.

אין דער ווייטער און פֿארווארפֿענער וויאטקער גובערניע איז פֿארגעקו-מען אַ פּויערימצוזאמענפֿאַר, אין וועלכן ס'האבן זיך באטייליקט 200 מאן. דריי ראטעס פֿונם ארטיקן באטאליאן האבן צוגעשיקט זייערע דעלעגאטן, האבן אויסגעדריקט זייער מיטגעפֿיל און צוגעזאגט צו שטיצן די פּויערים. די פֿארשטיי-ער פֿון די ארבעטער האבן אויך געמאכט ענלעכע דערקלערונגען. די ארטיקע מאכטפֿאָרשטייער האבן זיך גאָר פֿארלוירן און דערלויבט דעם צוזאמענפֿאר אומגעשטערט דורכפֿירן מיטינגען אין די שטעט און דערפֿער. באַ צוויי וואָכן צייט זיינען איבער דער גאנצער גובערניע פארגעקומען אומופֿהערלעכע פֿאַר-זאַמלונגען. דער באַשלוס פֿונם צוזאמענפאר אופהערן צו צאלן שטייערן — איז ענערגיש דורכגעפֿירט געוואָרן אין לעבן.

אין ליטע האָבן די פּויערים, לויטן באַשלוס פֿונם ווילנער פּויערימצוזאַ-מענפֿאָר, אין וועלכן ס'האבן זיך באטייליקט אַריבער 2000 באַפֿולמעכטיקטע, אַף אַ רעוואלוציאָנערן אויפֿן אראפּגעווארפֿן די וואלאסטשרייבער, די שטאַר-שינעס, די לערער פֿון די פֿאלקשולן, האָבן פֿארטריבן די זשאנדארמען, די

זעמסקע נאַטשאַלניקעס און איינגעפֿירט אויסגעקליבענע געריכטן און וואָלאָסט-אויספּירקאָמען...

נאָך אַנטשיידענער האָט געהאַנדלט דאָס פֿויערטום אָף קאַווקאַז.

19 נאָיאַבר האָט זיך אין מאָסקווע געעפֿנט דער צווייטער צוזאַמענפֿאָר פֿון פֿויערים־פֿאַרבאַנד. ס׳זיינען געווען 187 דעלעגאַטן פֿון 27 גובערניעס... דערהויפּט זיינען באַהאַנדלט געוואָרן טאַקטיק־פֿראַגן. אייניקע דעלעגאַטן האָבן פֿאַרטיידיקט דעם פֿרידלעכן קאַמף־מיטינגען, געזעלשאַפֿטלעכע אורטיילן, „פֿריד-לעכער" באָיקאָט פֿון אַדמיניסטראַציע, שאַפֿן אַ רעוואָלוציאָנערע זעלבסטפֿאַר-וואַלטונג, „פֿרידלעך" צעאַקערן די פּריצישע ערדן, ווי אויך „פֿרידלעך" אָפּזאָגן זיך פֿון צאָלן שטייערן און פֿון צושטעלן רעקרוטן. אַנדערע, באַזונדערס די דעלעגאַטן פֿון סאַראַטאָווער גובערניע, האָבן גערופֿן צום באַוואָפֿנטן קאַמף און אומפֿאַרזאַמט צו שטיצן די אויפֿשטאַנדן, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן אָף די ערטער. סאָפֿקאָלטאָף איז אָנגענומען געוואָרן אַ מין קאָמפּראָמיסבאַשלוס.

„אָפּשטעלן די פֿאָלקאומגליקן, וועלכע דרינגען אַרויס פֿונם דויכעק אין ערד — זאָגט די רעזאָלוציע — קאָן מען בלויז, ווען די ערד וועט ווערן דאָס אייגנטום פֿונם גאַנצן פֿאָלק. נאָר ביטנאַי, אַז מיט דער ערד זאָלן זיך קאָנען באַנוצן בלויז יענע, וועלכע אַרבעטן אַליין מיט די אייגענע פֿאַמיליעס, אָדער בעשותּפֿעס מיט נאָך עמיצן".

„די גערעכטיקע פֿאַנאַנדערטיילונג פֿון דער ערד ווערט איבערגעגעבן דער גרינדונגפֿאַרזאַמלונג, וועלכע דאַרף צונויפֿגערופֿן ווערן אָף די דעמאָקראַ-טישע יעסוידעס, ניט שפּעטער, ווי אין פֿעוראַל כוידעש פֿון קינפֿטיקן יאָר". קעדיי צו דערגרייכן דעמדאָזיקן ציל — גייט דער פֿויערים־פֿאַרבאַנד אַריין אין אַן אָפּמאַך מיט די ברידערלעכע אָרגאַניזאַציעס פֿון שטאָטישע פֿאַבריקאַרבע-טער און פֿון אייזנבאַנאַרבעטער און אויך מיט די אָרגאַניזאַציעס, וועלכע פֿאַר-טיידיקן די אינטערעסן פֿונם האָרעפֿאַשנעם פֿאָלק... אין פֿאַל, אויב די פֿאָלק-פֿאָדערונגען וועלן ניט ווערן באַפֿרידיקט, וועט דער פֿויערים־פֿאַרבאַנד אָנווענדן אַן אַ׳געמיינעם ערדשטרייק: ער וועט זיך אָפּזאָגן צו אַרבעטן אָף די ווירט-שאַפֿטן פֿון די גוטבאַזיצערס, וועלן זייערע ווירטשאַפֿטן זיך מעמיילע מוזן פֿאַרמאַכן. קעדיי אָרגאַניזירן אַן אַלגעמיינעם שטרייק, וועט דער פֿאַרבאַנד אַריין אין העסקעם מיטן אַרבעטערקלאַס".

# פראָלעטאריאט און פויערטום

(פון לעניִנס אַן אַרטיִקל איִן „נאָוואַיאַ זשיִזן" נומ. 11, 1905).

דער פראָלעטאריאט מיט זיין רויטער פאָן שטיצט ניט בלויז די פויע-רישע פאָדערונגען, ער שטעלט נאָך דערצו ארויס זיינע זעלבסטשטענדיקע פראָלעטאַרישע פאָדערונגען. ער פירט דעם קאַמף ניִט בלויז פאַר ערד און פרייהייט, נאָר אויך קעגן יעדער עקספּלואטאציע מיצאַד איין מענטשן צום אַנדערן, קעגן דער אָרעמקייט פון די פאָלקמאַסן און קעגן דער הערשאפט פונם קאַפּיטאַל.

די רויטע פאָן פון די באַוווסטזיניקע ארבעטער באַטייט ערשטנס, אַז מיר שטיצן מיט אַלע קויכעס דעם פויערישן קאַמף פאַר דער פולער פרייהייט און פאַר דער גאַנצער ערד; צווייטנס, אַז מיר שטעלן זיך דערויף ניט אָפּ און גייען ווייטער. כוצן קאַמף פאַר ערד און פרייהייט פירן מיר אויך אַ קאַמף פאַרן סאָציאַליזם. קאַמף פאַר סאָציאַליזם — הייסט קעמפן קעגן הערשאַפט פון קאַפּיטאַל. דעמדאָזיקן קאַמף פירן, קוידעמקאָל, די לוינאַרבעטער, וועלכע זיינע דירעקט און אינגאַנצן אָפּהענגיק פונם קאפּיטאַל. די קלענערע אייגנטימער פארמאָגן אליין אביסל קאפּיטאל און עקספּלואטירן ניט זעלטן פרעמדע אַרבעט. דאָ איז טאַקע די סיבע, פארוואָס ניט אלע פויערים שטעלן זיך אין די רייען פון קעמפער פאַר סאָציאַליזם. צום דאָזיקן קאַמף שטייען צו בלויז יענע פויערים, וועלכע גייען קאטעגאָריש און באוווסטזיניק אריבער אַפן צאַד פון אַרבעטער קעגן קאפּיטאל, אפן צאד פון אלגעמיינעם אייגנטום קעגן פריוואט-אייגנטום.

מיטן גרעסטן און פולסטן מיטגעפיל וועלן מיר זיך באציען צום פלאן פון אן אלגעמיינעם שטרייק, אין וועלכן די שטאָטישע ארבעטער זאָלן גיין האַנט באַ האַנט מיט דער דאָרפישער אָרעמקייט. אלע באוווסטזיניקע ארבעטער וועלן אָנווענדן אלע אנשטרענגונגען אף צו העלפן צו פארווירקלעכן אזא מין פלאן. קיין פארבאנד אָבער, — מעג ער זיין אפילע מיט די אופריכטיקסטע און אנטשיידנסטע רעוואלוציאָנערע דעמאָקראַטן — וועט ניט צווינגען די פראָלע-טאַריער צו פארגעסן זייער נאָך גרעסטן און וויכטיקערן ציל — דעם קאמף פאַרן סאָציאַליזם, פאר דער פולער פארניכטונג פון קאפּיטאל הערשאפט, פאר דער באפרייונג פון אַלע ארבעטנדיקע פון יעטווידער עקספּלואטאציע, פאַרויס, אַרבעטער און פויערים, צום אלגעמיינעם קאמף פאַר ערד און פרייהייט! פאָרויס פראָלעטאריער, פאראייניקטע דורך דער אינטערנאציאָנאלער סאציאַל-דעמאָקראטיע — צום קאמף פאר סאָציאליזם!

# דער שטרייק.

(פֿון טראָצקיס „1905 יאָר").

דער שטרייק הויבט אָן מיט זיכערקייט צו באַלעבאַטעווען אין לאַנד, עס בלייבט ניט קיין שפּור פֿון אומאַנטשלאָסנקייט. מיטן וווקס אין צאָל וואַקסט אויך די זעלבסטזיכערקייט פֿון די אַנטיילנעמערס אין שטרייק. די עקאָנאָמישע נויטן פֿון איינצלנע פּראָפֿעסיעס טרעטן אָפּ דאָס אָרט פֿאַר רעוואָלוציאָנערע פֿאָדערונגען פֿונם קלאַס. דער שטרייק רייסט זיך אַרויס פֿון פּראָפֿעסיאָנעלע און פֿון אָרטיקע ראַמען און הויבט זיך אָן פֿילן, ווי אַ רעוואָלוציע. און דאָס גיט אים צו אַן אומדערהערטע אַנטשלאָסנקייט.

דער שטרייק יאָגט זיך מיט גוואַלטיקן אימפּעט איבער די רעלסן און שליסט צו נאָך זיך באַפֿעלעריש דעם וועג. וועגן זיין זיגרייכן מאַרש גיט ער פֿאַרויס צו וויסן דורך די דראָטן פֿון אייזנבאַנטעלעגראַף. „שטרייקט"! באַפֿעלט ער אין אַלע עקן. 22-טן האָבן די צייטונגען מודיע געווען, איבער גאַנץ רוסלאַנד, אַז אויף קאַזאַנער ליניע האָט מען אַרעסטירט עפּעס איינעם אַן עלעקטראָטעכניקער ביעדנאָוו מיט פּראָקלאַמאַציעס. זיי האָבן נאָך אַלץ געהאָפֿט, אַז מיט קאָנפֿיסקירן אַ פּאַק פּראָקלאַמאַציעס וועלן זיי אָפּשטעלן דעם שטרייק. דולע... ער מאַרשירט פֿאָרויס...

ער פֿאַרפֿאָלגט אַן אומגעהויער גרויסן פּלאַן — אָפּצושטעלן דאָס אינדוסטריעלע און האַנדללעבן אין גאַנצן לאַנד. דערביי לאָזט ער ניט אַרויס פֿון אויג קיין איין דעטאַל. דאָרט, וווּ דער טעלעגראַף זאָגט זיך אָפּ צו דינען זיינע אינטערעסן — רייסט ער מיט מיליטערישער אַנטשלאָסנקייט אַראָפּ דעם דראָט, אָדער ער וואַלגערט אום די טעלעגראַפֿסלופּעס. ער שטעלט אָפּ די אומרויִקע לאָקאָמאָטיוון און לאָזט פֿון זיי אַרויס דעם דאַמף. ער שטעלט אָפּ די עלעקטרישע סטאַנציעס, און אויב דאָס איז שווער — צושעדיקט ער די עלעקטרישע דראָטן און לאָזט איבער די וואָקזאַל אין דער פֿינצטער. וווּ זיינע פֿלייצער באַגעגענען אַן איינגעשפּאַרטן ווידערשטאַנד — דאָרט פֿאַרקלערט ער זיך ניט און נעמט פֿאַנאַנדער די רעלסן; ער צושעדיקט דעם סעמאַפֿאָר; ער צעוואַלגערט דעם לאָקאָמאָטיוו, ער פֿאַרצאַמט דעם וועג א. א. וו. דער שטרייק גרייכט צום עלעוואַטאָר און רייסט איבער די אַרבעט פֿון דער הויבמאַשין. פּראַכטצוגן פֿאַרהאַלט ער דאָרט, ווו נאָר ערגעץ ער פּאַקט זיי. פּאַסאַזשירצוגן שטעלט ער ניט זעלטן צו אויף דער נאָענטסטער גרויסער אייזנבאַנסטאַנציע אָדער גאָר ביזן לעצטן פּונקט פֿון וועג.

ער דערלויבט זיך אויווער צו זיין אַפֿן אייגענעם געבאָט—בלויז צוליב זיינע אייגענע צוועקן. ער עפֿנט דרוקערייען אַף אַרויסצולאָזן ביולעטענען וועגן דער רעוואָלוציע. ער באַנוצט זיך מיטן טעלעגראַף אַף פֿאַנאַנדערצושיקן שטרייקפֿאַראָרדענונגען. ער לאָזט דורך צוגן מיט דעלעגאַטן פֿון שטרייקער.

אויסער דידאָזיקע פֿאַלן, מאַכט דער שטרייק ניט קיינע אויסנאַמען: ער פֿאַרמאַכט זאַוואָדן, אַפּטייקן, קראָמען, געריכטן.

פֿון צייט צו צייט און ערגעץ ווו ווערט מיד זיין אופֿמערקזאַמקייט און אָפּגעשוואַכט זיין האַשגאָכע. רייסט זיך אַמאָל דורך דורך די שטרייקצאַריִנעס אַן אויסגעלאסענער צוג, דאַן לאָזט זיך דער שטרייק אין יאָגעניש נאָך אים. דער צוג לויפֿט ווי אַ פֿאַרברעכער פֿאַרביי פֿינצטערע און פוסטע וואָקזאַלן, אָן טעלעגראַפֿישע פֿאָרויסצייכנס, באַגלייט מיט שרעק און אומבאַוווסטן גורל. נאָך סאָפּקאָלסאָף דעריאָגט דער שטרייק דעם צוג, שטעלט אָפּ דעם לאָקאָמאָטיוו, טרייבט אַוועק דעם מאַשיניסט און לאָזט אַרויס דעם דאַמף.

ער נוצט אויס אַלע מיטלען: ער רופֿט, ער איבערצייגט, באַשווערט, ער פֿאַלט אַף די קני: אַזוי האָט געטאָן אין מאָסקווע אַ רעדנערן אַף דער פּלאַטפֿאָרם פֿון קורסקער וואָקזאַל. ער דראָט, שרעקט, פֿאַרוואַרפֿט מיט שטיינער, און ענדלעך—ער שיסט פֿון אַ ברויונינג, וויל זיך דערשלאָגן צו זיין צוועק, אום וואָס פֿאַר אַ פרייז עס זאָל ניט זיין. צופֿיל שטעלט ער אין קאָן: דאָס בלוט פֿון די פֿאָטערס, דאָס ברויט פֿון די קינדער, די רעפּוטאַציע פֿון זיין קראַפֿט. אַ גאַנצער קלאַס פֿאָלגט אים, און אויב ס'שטעלט זיך אַפֿן וועג אַן אומבאַדייטנדיקער טייל, וועלכער איז פֿאַרפֿירט געוואָרן דורך יענע, מיט וועלכע ס'פֿירט זיך דער קאַמף—איז דען אַ כידעש, וואָס דער שטרייק וואַרפֿט אָפּ מיט אַ שטויס פֿון די פּיס די שטערונג אין אַ זייט?

דער שטרייק באַגרעניצט זיך ניט מיט די אַייזנבאַנען. ער שטרעבט צו ווערן אַן אַלגעמיינער.

אַרויסגעלאָזט דעם דאַמף און פֿאַרלאָשן די וואָקזאַלפֿייערן, לאָזט זיך דער שטרייק אין שטאָט צוזאַמען מיט דער מאַסע אַייזנבאַנאַרבעטער. ער שטעלט אָפּ דעם טראַמוואַי, ער נעמט אָן פֿאַרן ציימל דעם פערד פֿונם פֿורמאַן און זעצט אַרויס דעם פּאַסאַזשיר. ער שליסט צו מאַגאַזינען, רעסטאָראַנען, קאַפֿעהייזער, טראַקטירן און גייט מיט זיכערקייט צו די טויערן פֿון פֿאַבריק. דאָרט וואַרט מען שוין אַף אים, ס'דערהערט זיך אַן אומרויִקער פֿייף, די אַרבעט שטעלט זיך אָפּ. דער האַמוין אַפֿן גאַס וואַקסט מיטאַמאָל אויס.

ער גייט ווייטער און טראָגט שוין אַ רויטע פֿאָן. אַף דער פֿאָן איז אויסגעקריצט, אַז ער פֿאַרלאַנגט אַ גרינדונגפֿאַרזאַמלונג און אַ רעפּובליק, אַז ער קעמפֿט פֿאַרן סאָציאַליזם. ער גייט פֿאַרביי דער רעדאַקציע פֿון דער רעאַקציאָנערער צייטונג און קוקט זיך אַרום מיט סינע אַפֿן דאָזיקן נעסט פֿון אידעישער פֿאַרגיפֿטונג. אויב ס'טרעפֿט אים אונטער דער האַנט אַ שטיין, וואַרפֿט ער אים אין פֿענצטער. די ליבעראַלע פרעסע, וועלכע מיינט, אַז זי דינט דעם

פֿאָלק, שיקט צו אים אַרויס אַ דעפּוטאַציע, זאָגט צו אַריינטראָגן „פֿרידלעכקייט” אין דידאָזיקע שרעקלעכע טעג און וויל ראַכמאָנעס. קיינער הערט זיך אָבער ניט צו צו אירע הישטאַדלעסן. די זאַצקאַסעס ווערן אַריינגערוקט, און די זעצער יאָגן זיך אַרויס אַפֿן גאַס, ס'ווערן געשלאָסן בענק, קאָנטאָרן... דער שטרייק הערשט. 23 (10) אָקטיאַבר האָט זיך אָנגעהויבן דער אַלגעמיינער פּאָליטישער שטרייק אין מאָסקווע, אין כאַרקאָוו און אין רעוועל; 24 (11)—אין סמאָלענסק, קאָזלאָוו, קאַטערינאָסלאַוו און לאָדז; 25 (12)—אין קורסק, בעלגאָראָד, סאַמאַרע, סאַראַטאָוו און פּאָלטאַווע; 26 (13)—אין פּעטערבורג, אָרשע, מינסק, קרעמענטשוג, סימפֿעראָפּאָל; 27 (14)—אין האָמעל, קאַליש, ראָסטאָוו אַפֿן דאָן, טיפֿליס, אירקוטסק; 28 (15)—אין ווילנע, אָדעס, באַטום; 29 (16)—אין אָרענבורג; 30 (17)—אין יוריעוו, וויטעבסק, טאָמסק. ס'האָבן נאָך געשטרייקט ריגע, ליבאַווע, וואַרשע, פּלאָצק, ביאַליסטאָק, קאָוונע, דווינסק, פּסקאָוו, פּאָלטאַווע, ניקאָלאַיעוו, מאַריופּאָל, קאַזאַן, טשענסטאָכאָוו, זלאַטאָוסט און אַנדערע. אומעטום איז אָפּגעשטאָרבן די אינדוסטריע, אין אַ סאַך ערטער איז אויך דער האַנדל אָפּגעשטאָרבן. די לערנאַנשטאַלטן זיינען געשלאָסן. צום שטרייק פֿון פּראָלעטאַריאַט שטייען צו די „פֿאָרבאַנדן פֿון דער אינטעליגענץ”: די געשוואָרענע ריכטער זאָגן זיך אָפּ אין אַ סאַך פֿאַלן צו מישפּעטן, די אַדוואָקאַטן—צו פֿאַרטיידיקן און די דאָקטוירים—צו היילן. די פֿרידנסריכטער שליסן צו זייערע קאַמערן...

# דער מאַניפֿעסט פֿון 30 (17) אָקטיאַבר.

די אומרועןן און אופֿרעגונגען אין די קרוינשטעט און אין אַ סך ערטער פֿון אונדזער אימפּעריע פֿילן איבער אונדזער האַרץ מיט אַ גרויסן און שווערן טרויער. דער וואָיל פֿונם רוסישן קייסער איז ענג פֿאַרבונדן מיטן וואָיל פֿון פֿאָלק; דער פֿאָלקטרויער איז אויך זיין טרויער. פֿון די איצטיקע אומאָרדענונגען קאָן זיך פֿאַרטיפֿן די פֿאָלקשטימונג און דאָס קאָן דראָען דער גאַנצקייט און איינהייטלעכקייט פֿון דער אַלרוסלענדישער מעלוכע. די גרויסע צאַרישע פֿליכט צו דינען דעם פֿאָלק באַפֿעלט אונדז צו שטרעבן מיט אַלע מיטלען פֿון פֿאַרשטאַנד און פֿון אונדזער מאַכט, וואָס שנעלער אָפּצושטעלן די אַזוי געפֿערלעכע פֿאַר דער מעלוכע אומרוען. מיר האָבן באַפֿוילן די געהעריקע מאַכטפֿאָרשטייער אָנצונעמען מיטלען אַף צו באַזייטיקן די דירעקטע פֿאָרמען פֿון אומאָרדענונגען, פֿון אומאָנשטענדיקייטן און פֿון גוואַלדטאַטן, קעדיי אַזוי אַרום אָפּצוהיטן די פֿרידלעכע פּערזאָנען, וואָס שטרעבן יעדערער רויִק אויסצופֿילן דעם כויוו, וואָס ליגט אַף אים. קעדיי מיט דערפֿאָלג דורכצופֿירן די אַלגעמיינע מיטלען, וועלכע מיר האָבן פֿאָרויסבאַשטימט אַף צו באַרויִקן דעם מעלוכעלעבן, האָבן מיר אַנערקענט פֿאַר נויטיק צו פֿאַראייניקן די טעטיקייט פֿון דער העכערער רעגירונג.

מיר לייגן אַרויף די פֿליכט אַף דער רעגירונג אויסצופֿילן אונדזער פֿעסטן ווילן: 1) שענקען דער באַפֿעלקערונג די פֿעסטע גרונטליניען פֿון בירגערלעכער פֿרייהייט אַפֿן יעסאָד פֿוןווירקלעכער אומבאַרירלעכקייט פֿון פּערזאָן, פֿרייהייט פֿון געוויסן, וואָרט, פֿאַרזאַמלונגען און פֿאַראיינען; 2) ניט אָפּשטעלנדיק די וואַלן אין דומע, וועלכע זיינען שוין פֿאָרויס באַשטימט, — לויט מעגלעכקייט, אין העסקעם מיטן קורצן טערמין, וועלכער איז געבליבן ביזן צונויפֿרופֿן די דומע, שוין צוציען אַף צו באַטייליקן זיך אין דומע יענע קלאַסן פֿון דער באַפֿעלקערונג, וועלכע האָבן דערווייל קיין וואלרעכט ניט. די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פֿונם אַלגעמיינעם וואלרעכט דאַרף איבערגעגעבן ווערן דער ניי־איינגעשטעלטער געזעצגעבערישער אָרדענונג. 3) איינשטעלן אַלס אַ פֿעסטן קלאַל, אַז קיין געזעץ קאָן ניט באַקומען קיין קראַפֿט אָן דער האַסקאַמע פֿון „גאָסודאַרסטווענע דומע” און אַז פֿאַר די פֿאָלקאויסגעווײלטע זאָל זיין געזיכערט די מעגלעכקייט ווירקלעך זיך צו באַטייליקן אין דער האַשגאָכע אַף דער געזעצלעכער האַנדלונג פֿון די מאַכטאָרגאַנען, וועלכע מיר האָבן אַוועקגעשטעלט.

מיר רופֿן אַלע געטרייע זין פֿון רוסלאַנד צו געדענקען זייער כויוו פֿאַרן לאַנד, צו העלפֿן אָפּצושטעלן די אומדערהערטע אומאָרדענונגען און צוזאַמען מיט אונדז אָנשטרענגען אַלע קויכעס אַף איינצושטעלן רו און שטילקייט אין אייגענעם לאַנד.

ניקאָלאַי.

# דער ערשטער ניצאכן פון דער רעוואלוציע.

(פון לעניִנס אַן אַרטיִקל).

דיִ האַנאָכעס מיִצאַד דעם צאַר זיינען ווירקלעך דער גרעסטער ניִצאָכן פון דער רעוואָלוציע. דערדאָזיקער ניצאָכן באַשליִסט נאָך אָבער ווייט ניִט דעם גוירל פון דער גאַנצער רעוואָלוציע. דער צאַר האָט נאָך ווייט ניט קאַפּיִטוליִרט. די זעלבסטהערשונג האָט נאָך קלאַל ניט אופגעהערט צו עקזיסטירן. זיִ האָט בלויז אָפּגעטראָטן און אָפּגערייניקט פאַרן פיינט דאָס שלאַכטפעלד. זיִ איז בלויז אָפּגעטראָטן באַ אַן אויסערסטוויכטיקן שלאַכט. זיִ איז אָבער ווייט ניט צעקלאַפּט. זי זאַמלט נאָך צונויף איִרע קויכעס, דעם רעוואָלוציאָנערן פאָלק שטייט נאָך פאָר צו לייזן אַסאַך גאָר ערנסטע קאַמפּפראַגן, קעדיי צו דערפיִרן די רעוואָלוציע ביִז איר ווירקלעכן און פולן ניִצאָכן.

דער 17-טער אָקטיאַבר וועט בלייבן איִן דער געשיִכטע, ווי אייִנער פון די גרעסטע טעג איִן דער אַנטוויקלונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע. דער אַלגעמיינער פּאָלקשטרייק, וואָס די וועלט האָט אַזעלכעס ניט געזעען—האָט דערגרייכט דעם קולמיִנאַציאָנספונקט. די מעכטיקע האַנט פונם פּראָלעטאַריאַט, וועלכע האָט זיִך מיט העראָישער סאָלידאַריִשקייט אופגעהויבן איִן אַלע עקן פון רוסלאַנד, האָט אָפּגעשטעלט איִן לאַנד דעם גאַנצן האַנדל, דיִ אינדוסטריע און דאָס מעלוכעלעבן. דאָס לאַנד איז געווען געבליבן ווי אָפּגעשטאָרבן פאַרן שטורעם. פון פאַרשיידענע גרעסערע פונקטן האָבן זיִך באַקומען יעדיעס איינע אומרואיקער פון דער צווייטער. דאָס מיליטער האָט אָנגעהויבן זיך וואַקלען, די רעגירונג האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון רעפּרעסיִעס. די רעוואָלוציאָנערן האָבן ניט אָנגעהויבן קיין אָפענעם ערנסטן אָנגריף, נאָר דער אופשטאַנד האָט זיך פון זיך אַליין דורכגעריסן איבעראַל און אומעטום.

די בורזשויען קאָנען אַפילע ניט איינזען, אַז דער צאַרישער מאַניפעסט אַנטהאַלט בלויזע ווערטער, בלויזע האַווטאָכעס. ווער אָבער גלויבט איצט אין אַזעלכע האַווטאָכעס? צי קליִנגען ניט ווי א געלעכטער די אַלע פראַזן וועגן אומבארירלעכקייט פון פערזאָן און פרייהייט פון וואָרט, בעשאַס די טורמעס זייִנען נאָך איצט אָנגעפילט מיט די אַזוי גערופענע פּאָליטישע פאַרברעכער, בעשאַס ס'עקזיסטירט נאָך זיִ צענזור.

מ. ראטשקאווסקי.

# די מאַניפעסטאַציע און בלוטבאד דעם 18-טן אקטיאַבר אין מינסק.

אַזוי גייט אַוועק א פּאָר כאדאָשים. גרופּעס, וועלכע ענדיקן זייער טער-מין, ווערן באַפרייט. אין טורמע בלייבט אלץ ווינציקער פֿון די, וועלכע דאַרפֿן אפּזיצן זייערע דריי כאדאָשים. ווען מען קומט צו אונדז זען זיך, גיט מען אונדז איבער, אַז נישט קוקנדיק אַף די רעפּרעסיעס, וועלכע עס נעמט אָן קורלאָוו מיט נאַראָוון, ווערט די באוועגונג אלץ שטאַרקער, אַז די טעג פֿון זעלבסטהערשונג זיינען געציילטע. אין סענטיאַבר כוידעש ווערן מיר אַלע באַ-פרייט. די אַלגעמיינע פּאָליטישע שטרייקן אין רוסלאַנד ווערן אלץ אָפֿטער און אָפֿטער. עס הערט זיך, אז ס'איז געגרינדעט געוואָרן א פֿאַרבאַנד אונטערן נאָמען „Союз союзов“, וועלכער האָט באשטימט אָפּצושטעלן אלע אייזנבאַנען אין די אָקטיאַברטעג. די שטימונג איז זייער א געהויבענע, אַלע וואַרטן עפּעס אַף גרויסע געשעענישן, אַף אן איבערקערעניש אין דער מאכט.

די אָקטיאַברטעג. ס'האָבן זיך אָפּגעשטעלט די אייזנבאַנען. דעם 17-טן באטאָג טראָגן זיך אַרום איבערן שטאָט קלאַנגען, אַז אונדזער רעדאַקציע פֿון דער שטאָטישער צייטונג האט באקומען א מאַניפֿעסט פֿון ניקאָלאַיען. דער גאַנצער אוילעם פֿון שטאט לאזט זיך צו דער רעדאַקציע. יונגע, אַלטע—אַלע זיינען אַף די פֿיס, אלע ריידן וועגן מאַניפעסט, נאָר קיינער זעט אים נאָך נישט. די גאַנצע שטאָט איז אופגערעגט און דערוואַרט עפּעס. די אָרגאַניזאַציעס האבן באשטימט צו מאכן אַף מאָרגן, דעם 18-טן, אַ גרויסן מיטינג נעבן ווילנער וואָקזאל. אַהין האבן זיך גענומען קלייבן אַלע אַרבעטער און די גאַנצע שטאָט. דער פלאץ איז געווען פֿול געפּאַקט פֿון מענטשן. אַפֿן טריבונע שטייט איינער, וועלכער פֿאַרשרייבט יעדן איינציקן צום וואָרט. עס פֿאַרשרייבן זיך בא אים צענדליקער מענטשן.

אַף די טעלעגראַפּסלופּן אופגעהאַנגען רויטע טיכלעך. עס הערט זיך אויסגעשרייען פֿון לאָזונגען פֿון פֿאַרשיידענע פּאַרטייען: נידער מיט דער זעלבסטהערשונג, מיט דער שוואַרצמייע. עס לעבט די פֿאַראַנטוואָרטלעכע רעגירונג מיט דער פֿאַרטרעטונג פֿון פֿאָלק. אין דער זעלבער צייט קומט פּאָר אַ מאַניפעסטאַציע נעבן טורמע, ווו מען פֿאָדערט אַרויסלאָזן אלע פּאָליטישע פֿאַרברעכער. אייניקע פֿון זיי ווערן באפרייט. זיי ווערן אונטערגעכאַפּט אַף די

הענט דורך דער מאַסע און מען טראָגט זיי אַפן ווילנער וואָקזאַל, ווו עס קומט פאָר דער מיטינג. די שטאָטדומע, אין שפיץ מיטן גאָלאָוואַ, אין יאָנ-טעוודיקע קליידער, באַם זייט מיט א גרויסן אוילעם, קורלאָוון, בעטן, ער זאָל פאַרעפנטלעכן דעם מאַניפעסט און דערלויבן דעם אוילעם זיך צוזאמענקלייבן. קורלאָוו פון זיין באלקאָן האָט געמאָלדן, אז קעדיי צו פאַר-עפנטלעכן דעם מאניפעסט, דאַרף מען אים אפריער גוט דורכשטודירן און מאָרגן וועט מען עס טאָן, און ער בעט דעם גאָלאָוואַ מיט דער דעפוטאַציע, וועלכע זיינען צו אים געקומען, אז זיי זאלן גיין צום מיטינג, וועלכער קומט פאָר נעבן ווילנער וואָקזאל און איבערגעגעבן זיין באשלוס און בעטן דעם אוילעם היינט פאַנאַנדערגיין זיך, ביז מאָרגן, קעדיי מאָרגן זיך ווידער צוזאַמענקלייבן, ווו עס וועט זיין געמאָלדן דער מאַניפעסט. דער גאָלאָוואַ מיט די באגלייטער גייען צום וואָקזאל.

## אַפן פלאַץ נעבן וואָקזאַל.

רעדנער אָן א צאָל. איינער ענדיקט, דער צווייטער גייט אַרויף אַפן טריבון. עס ריידן מענער, פרויען, יונגע, אלטע. קיין פאָליציי אַרום איז ניטאָ. עס דאַכט זיך, אַז אלץ איז פרידליך און שטיל. עס רעט אן אָפיצער, מיט אַ רויטער לענטע אַף זיין שפאַגע. ער רעט וועגן יאַפּאָנישער קריג מיט אירע ליידנשאַפטן, דירט אָן די שווערע פראַגן פון רוסישער זעלבסטהערשונג, וועגן שווערן דרוק פון פאָלק, וועלכער לייט אזוי פיל. עס דאַכט זיך, אז די אַרמיי איז אויך מיט אונדז. די שטימונג איז א יאָנטעווודיקע. נאָר אַרום, ערגעץ אָנ-דערזייט, פילט זיך פון אייניקע גרופן א קריץ פון די ציין, א קאַס צום היינ-טיקן טאָג. פלוצלונג, איבערן הויכן בריקל, וואָס פאַרייניקט דעם וואקזאל, באמערקט זיך, ווי עס גייט א גאַנצע ראָטע סאָלדאַטן, באוואָפנט מיט ביקסן. די סאָלדאַטן זיינען אַריבער דעם בריק, אויסגעשטעלט זיך אין א פאָרם פון אַ דאַלעד, אַראָפגעלאָזן די ביקסן צו די פיס און געבליבן שטיין אַף די ער-טער. אַ שוידער איז איבערגעפלויגן איבער דער גאַנצער מאסע, וואָס איז געשטאַנען דאָרט, דערזעענדיק די סאלדאַטן מיט די ביקסן. גלייך האָט זיך געשטעלט באַ אלעמען די פראַגע: צי זיינען זיי מיט אונדז, אָדער קעגן אונדז. דער אוילעם נעמט זיך ביסלעכווייז פאַנאַנדערגיין דורך פאַרשיידענע גאַסן, נאָר דער גרעסטער טייל שטייט אַרום דער טריבונע און הערט אַלץ, וואָס מען רעט. עס קומט די דעפוטאַציע און דער גאָלאָוואַ מעלדעט דעם געשפרעך, וועלכן ער האָט געהאט מיט קורלאָוון, און ווענדעט זיך צו דעם אוילעם מיט פאָלגנדע ווערטער: היינט דעם מיטינג פאַרענדיקן, מאָרגן זיך ווידער צוזאַמענקלייבן.

פלוצלונג הערט זיך אָן אויסשאס פון אַלע ביקסן. דער אָפיצער, וועלכער שטייט אַפן טריבון, שרייט אויס: צולייגט זיך. נאָך דעם שאס גייט דער צווייטער און דריטער. מענטשן לויפן, וואַרפן איינער דעם צווייטן. ס'ווערט אַ קאַשע, א ווילדער געשריי, אין די געסעלעך הערן זיך באַזונדערע שיסע-

רייען פון רעוואָלוערן. מענטשן ווערן ווייניקער. עס הערט זיך א קרעכצעריי. אויסגעשרייען: ראַטעוועט. א שטורם, אַ געוויין, א מעשוגאַס. פון שטאָט טראָגן זיך פורמאַנעס. מען לויפט צום פלאַץ, ווו ס׳איז פאָרגעקומען דער מיטינג. אַפן פלאַץ איז פול בלוט און עס ליגן הונדערטער מענטשן טויטע און פאַרוווּנדעטע. מען האָט גענומען צוזאמענקלייבן די טויטע, פאַרוווּנדעטע. אַסאַך פון זיי האבן זיך דערשלעפּט צו זיך אַהיים, א גרויסן טייל האָבן די עלטערן פאַרכאַפּט אף די הענט און אַוועקגעטראָגן. בא נאַכט אין שפּיטאָל אַף דער ערד איז אויסגעלייגט אַסאַך מענטשן פאַרוווּנדעטע, ווייל קיין ערטער האָט נישט געכאַפּט, און אין שטיבל פון די טויטע איז געלעגן א גאַנצער באַרג פון מענטשן. פאַרן ליכטשיין האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זיי לעבן אַלע, נאָר שווייגן שטיל. די נאַכט איז געווען פינצטער. עס האָט אָנגעהויבן צו רעגענען. אַ גאַנצע נאַכט האט מען באזוכט די דירעס פון די כאַווײרים און די שפּיטאָלן, צו וויסן, ווער איז אין דעם טאָג לעבן געבליבן, ווער פאַרוווּנדעט און ווער געשטאָרבן. צומאָרגן פרי, אויסער פאַרוווּנדעטע, די צאָל פון וועלכע מען ווייס נאָך ביז היינט ניט, איז געווען דרייסיק געשטאָרבענע. אַ טאָג פון טרויער אין דער גאַנצער שטאָט. דורך דער גובערנאַטאָרגאַס זעט מען נאָר אַ גאַנצן טאָג, ווי מען פירט אף פורן געשטאָרבענע אַפן בעסוילעם. אין דערזעלבער צייט שטייען אַפן באלקאָן פאַרשיקערט פון בלוט דער גובערנאַטאָר מיט זיינע קאזאקן און שמייכלען. אף מאָרגן האָט מען פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אז די שיסערייען זיינען געווען פון די רעוואָלוציאָנערן. קעדיי פעסטצושטעלן דאָס, איז געווען אויסגעקליבן א קאָמיסיע, וועלכע האָט געדאַרפט באַקומען בא די טויטע די קוילן. די קוילן זיינען געווען פון די ביקסן פון די סאָלדאַטן.

אין דער גרויסער בעסוילעמשטוב איז געווען שוין אָנגעלייגט פערציק מענטשן. ס׳איז באשטימט געוואָרן צו מאכן פאַר זיי איין אָרט. קורלאָוו האָט געגעבן א באַפעל, אז מען זאָל זיי באגראָבן אָן איבעריקן טומל. פערציק קוואָרים אפן ברידערלעכן בעסוילעם, און ניט באוווּסט וויפל פאַרוווּנדעטע און האַלבמעשוגענע. אַזוי הויבן זיך אָן די שוואַרצע טעג פון קורלאָווס צייטן *).

די קלאלטוער פון שטאָט זיינען געפלויגן אין פעטערבורג מיט א ספּעציעלן צוג, וועלכן זיי האט געגעבן דער קאָמיטעט פון „סאָיוז״, אַוועקצופירן זיי צום פרעמיערמיניסטער וויטע מיט א מעסירע אפן ווילדן טאַט, וואָס האָט אָפּגעטאָן קורלאוו. וויטע האט געענטפערט דער דעפּוטאַציע, אַז קורלאָוו איז געוויס א שווערער מענטש, און ער וועט אָנעמען מיטלען. קורלאָוו, פונדעסטוועגן, איז געבליבן זיצן אין שטאָט מינסק, ביז די פריילינגטעג פון 1906-טן יאָר.

---

*) דעם 19 און 20 איז געווען געמאָלדן א פראָטעסטשטרייק קעגן דער צושיסינג.

ביילאגע נומ.

רוסישע ס. ד. א. פ.

ערע די נעפאלענע אין קאמף פאר פרייהייט!

פראלעטאריער פון אַלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# צו די בירגער פון שטאט מינסק!

שוין! ס'האָט זיך שוין די געשענקטע קאָנסטיטוציע באַפאַרבט אין בלוט פון בירגער! מיר האָבן נאָך ניט באַוויזן אַפן נעכטיקן מיטינג קלאָר מאכן, וואָס איז אַזוינס קאָנסטיטוציע מיט זעלבסטהערשונג, ווי די זעלבסטהערשונג האָט אַליין אַרויסגעוויזן זיך אין דעם. די זעלבסטהערשונג קען ניט לעבן אָן בלוט פון פאָלק, און ביז וואַנען זי וועט געוועלטיקן וועט ניט אופהערן זיך גיסן בלוט מיט גרויסן שטראָם. די זעלבסטהערשונג איז אַ שטענדיקע אָפּנאַווערי, אַ שטענדיקע פּאַסטקע, דאָס איז טייכן בלוט און טרערן, דאָס איז אן אומאופהערלעכע פאַרגוואַלטיקונג איבערן קערפער און נעשאָמע. און פון דעם וועט ניט ראַטעווען קיין שום זעלבסטהערשנדיקע קאָנסטיטוציע. דער בלוטיקער ניקאָלאַי האָט געקענט געבן נאָר אַ בלוטיקע קאָנסטיטוציע, אַזאַ מין קאָנסטיטוציע, וועלכע גיט אים די מעגלעכקייט פריי שיסן אין אומבאוואָפנטן פאָלק.

נאָר א פאָלקקאָנסטיטוציע, פאָלקפאַרוואַלטונג, אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק וועלן קענען אַרויסשלעפן פון בלוט און טרערן. זאָל דאָס בלוט פון די געפאַלענע בא דער צאַרישער „פרייהייט" אָנלערנען די לעבעדיקע פאַרשטיין און קעמפן פאַר דערווירקלעכער פרייהייט, פאַרן אַנטגילטיקן אַראָפּוואַרפן די זעלבסטהערשונג און מאָנאַרכיע. דאָס בלוט פון די געפאַלענע שרייט, ס'רעט: גלויבט נישט דעם צאַר, אַפילע ווען ער רעט וועגן פרייהייט. גלויבט ניט דער כאַיע, ווען עס דאַכט זיך אייך אַפילע, אז זי פייגערט. גיכער, גיכער דערשלאָגט זי!

יעדער איבעריקע מינוט פון זיין לעבן—דאָס איז טויט פון אַרבעטער און פויערים, פרויען און קינדער, יונגע און אַלטע, רוסן און יידן, אַרמיאַנער און טאַטאַרן. דאָס בלוט רעט: צו פרי האָט איר זיך דערפרייט, עס קען ניט זיין קיין פרייד אַף דער רוסישער ערד, ביז וואַנען ס'לעבט אף איר דער בלוט-זייגער—זעלבסטהערשונג מיט אַ קאָנסטיטוציע אָדער אָן איר. אלצײנס! אינדערפרי האָט מינסק געוויינט פון פרייד צוליב דער קאָנסטיטוציע, פאַרנאַכט

האָט זי מיט בלוטיקע טרערן באצאָלט פאַר זיין פרייד. זאָל זשע מיטן בלוט פון די טויטע יעדערער באזונדער און אלע צוזאַמען שווערן, קעמפן מיטן קייסער ביזן סאָף, ביז א דעמאָקראַטישער רעפובליק! דער קייסער פון זיין זייט האָט פאַרגאָסן די צארישע פרייהייט מיט פאָלקבלוט. מיר וועלן נעקאָמע נעמען, מיר וועלן פאַרגיסן די זעלבסטהערשנדע קאָנסטיטוציע מיטן בלוט פון די זעלבסטהערשער און טעלערלעקער פונם קייסער, און נאָר מיט דעם ווען מיר זיך דערשלאָגן די פרייהייט. שטייט אוף נעמט זיך פאַר געווער! דאָס איז דער געבאָט פון די געפאַלענע אַפן שלאַכט פעלד. זאָל די שטאָט זיך איינוויקלען אין טרויער, זאָל פאַרוואַנדלט ווערן דאָס גאַנצע לעבן אין א טרויער שטילקייט, אין טיפן כוישעכדיקן שווייגן ווען מיר צוגרייטן דעם לעצטן קלאַפּ. דערווייל זאָל די גאַנצע שטאָט פאָדערן:

1) אומבאַדינגט באזייטיקן פון דער שטעלע דעם מינסקער גובערנאַטאָר קורלאָוו, דעם פאָליצמייסטער נאָראָוו, דער פאָלקאָווניק ווילדעמאַן—קלאַפּמאַן און דעם זשאַנדאַרם-אונטערפּאָלקאָווניק מאַרטשענקאָ און אומבאַדינגט אָנווענדן אַ געריכטספאָרשונג געגן דער אדמיניסטראַציע און מיליטערישער מאכט, די שולדיקע אין דער בלוטבאד פון 18 אָקטיאַבר.

2) פאַנאַנדערלאָזן דעס איצטיקן באשטאַנד פון פאָליציי און איבערגעבן די אַרבעט פון היטן די געזעלשאפטלעכע אָרדענונג אין די הענט פון שטאָט, און אומבאַדינגט דערווייטערן פון שטאָט די קאזאקן.

3) פאַרזיכערן די מישפאָכעס פון די געהארגעטע און פאַרוואונדעטע אפן כעשבן פון דער מעלוכע.

4) זאָל גאַראַנטירט ווערן די פרייהייט פון פאַרזאַמלונגען און זאָל ניט ז'ערלאָזט ווערן קיין שום אריינמישן זיך מיצאַד דער אדמיניסטראַציע און באַוואפנטע קויכעס.

די פאָדערונגען, וועלכע זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן לויטן אלגעמיינעם באַשלוס פון מינסקער גרופע ר.ס.ד.א.פ., מינסקער קאָמיטעט פון „בונד" מינסקער קאָמיטעט פ.ס.ר., מינסקער-אָפּטיילונג פון אלרוס. אייזנבאנפאַריין, דאַרפן ווערן די פאָדערונגען פון גאַנץ שטאָט. ערע די געפאַלענע, קאַמף ביזן סאָף— די לעבעדיקע! נידער מיט דער זעלבסטהערשונג! לעבן זאָל די דעמאקראטישע רעפובליק! לעבן זאָל דער קעמפנדיקער ארבעטערקלאַס און זיין פירער די סאָציאַלדעמאָקראַטיע!

# דער ראַט פֿון אַרבעטערדעפּוטאַטן.

(פֿון טראָצקיס בוך „1905 יאָר“).

## דער אופֿקום פֿון ראַט פֿון אַרבעטערדעפּוטאַטן.

דער ראַט פֿון אַרבעטערדעפּוטאַטן איז אויפֿגעקומען, ווייל אינם גאַנג פֿון די געשעענישן איז אָביעקטיוו נויטיק געוואָרן צו האָבן אַזאַ אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל פֿאַרמאָגן אווטאָריטעט, ניט האָבנדיק קיין טראַדיציעס, וועלכע זאָלן מיטאַמאָל אַרומנעמען די צוואָרפֿענע הונדערט-טויזנטדיקע מאַסן, ניט האָבנדיק קימאַט קיין אָרגאַניזאַציאָנעלע אינהאַלטן, וועלכע זאָלן פֿאַראייניקן די רעוואָלוציאָנערע ריכטונגען אין פּראָלעטאַריאַט גופֿע, זאָל זיין פֿעיק צו איניציאַטיוו און זאָל אווטאָמאַטיש זיך אַליין קאָנען קאָנטראָלירן,—און, דאָס וויכטיקסטע, וועלכע מע זאָל קענען אין 24 שאָ אַרויסרופֿן פֿון אונטער דער ערד.

די סאָציאַלדעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אין אונטערערד ענג צונויפֿגעבונדן עטלעכע הונדערט און אידעיש פֿאַראייניקט עטלעכע טויזנט פּעטערבורגער אַרבעטער, האָט געקענט געבן די מאַסן דעם נויטיקן לאָזונג, באַלויכטן מיטן בליק פֿון פּאָליטישן געדאַנק זייער סטיכישע דערפֿאַרונג,—נאָר צוזאַמענבינדן אַ הונדערט טויזנטדיקע מאַסע מיט אַ לעבעדיקער אָרגאַניזאַציאָנעלער פֿאַרבינדונג איז געווען ניט לויט אירע קויכעס,—שוין צוליב דעם אַליין, וואָס דער וויכטיקסטער טייל פֿון איר אַרבעט האָט זי שטענדיק אָפּגעטאָן אין באַהאַלטענע פֿון די מאַסן קאָנספּיראַטיווע לאַבאָראַטאָריעס. די אָרגאַניזאַציע פֿון די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן האָט געקרענקט אויף די זעלבע קראַנקהייטן פֿון אונטערערד מיט אַ צוגאָב פֿון אָנמאַכט און ניטשטאַנדהאַפֿטיקייט. די רייבונגען פֿון צוויי גלייכע שטאַרקע פֿראַקציעס אין דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע צווישן זיך, פֿון איין זייט, און דער קאַמף פֿון די ביידע פֿראַקציעס מיט די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן פֿון דער צווייטער, האָבן אַבסאָליוט נויטיק געמאַכט די באַשאַפֿונג פֿון אַן אומפּאַרטייִשער אָרגאַניזאַציע. קעדיי צו האָבן אַן אווטאָריטעט אין די אויגן פֿון די מאַסן, שוין אויפֿן צווייטן טאָג נאָך איר אַנטשטיין האָט זי געדאַרפֿט זיין אָרגאַניזירט אויף יעסוידעס פֿון ברייטסטער פֿאָרשטייערשאַפֿט. וואָס פֿאַר אַ יעסאָד אָנצונעמען—אויף דעם האָט מען לאַנג ניט געדאַרפֿט טראַכטן, אַזוי ווי די איינציקע פֿאַרבינדונג צווישן די נאָך ניט גערירטע אין אָרגאַניזאַציאָנעלן זין פּראָלעטאַרישע מאַסן איז געווען דער פּראָ-

דוקציעפראָצעס, איז געבליבן, אַז מע דאַרף די פאָרשטייערשאַפט צופאַסן צו די פאַבריקן און זאַוואָדן.

די איניציאַטיוו צו באַשאַפן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער-זעלבסטפאַר-וואַלטונגען האָט גענומען אַף זיך דעם 10 אָקטיאַבער—אין מאָמענט, ווען עס האָט זיך אָנגערוקט איינער פון די ג׳עסטע שטרייקן—איינע פון די צוויי פעטער-בורגער סאָציאַלדעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס. דעם 13-טן איגאָוונט איז שוין פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג פון קומענדיקן ראַט. עס זיינען בייגעווען ניט מער פון 30—40 דעלעגאַטן. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן טייקעף צו רופן דעם פראָלעטאַריאַט פון דער הויפטשטאָט צו אַן אַלגעמיינעם פּאָליטישן שטרייק און אויסצווויילן דעלעגאַטן.

„דער אַרבעטערקלאַס,—האָט געזאָגט דער אופרוף, וואָס איז אויסגעאַר-בעט געוואָרן אַף דער ערשטער זיצונג,—האָט זיך גענומען פאַרן לעצטן שטאַרקסטן מיטל פון דער אַלוועלטלעכער אַרבעטערבאַוועגונג פאַרן אַלגעמיינעם שטרייק.

...אין די נאָענסטע טעג וועלן אין רוסלאַנד פאָרקומען אנטשיידענע גע-שעענישן, זיי וועלן אַף לאַנגע יאָרן באַשטימען דעם גוירל פונם אַרבעטער-קלאַס, מיר דאַרפן טרעפן דידאָזיקע געשעענישן אין פולער גרייטקייט, פאַריי-ניקט דורך אונדזער אַלגעמיינעם ראַט....

דערדאָזיקער זייער וויכטיקער באַשלוס איז אנגענומען געוואָרן איינשטי-מיק און דערביי, אָן וועלכע ס׳איז פרינציפיעלע דעבאַטן וועגן אלגעמיינעם שטרייק, זיינע מעטאָדן, צילן און מעגלעכקייטן.

## פּאָליטישע טעטיקייט פון אַרבעטערראַט.

זיין באַציונג צום מאַניפעסט האָט דער ראַט אויסגעדריקט שאַרף און פינקטלעך אינם טאָג פון זיין פאַרעפנטלעכונג. די פאָרשטייער פון פראָלעטאַר-יאַט האָבן געפאָדערט: אַמניסטיע, באַזייטיקן די פאָליציי פון אויבן ביז אראָפּ, צונעמען פון שטאָט דאָס מיליטער, באַשאַפן אַ פאָלקמיליציע; קאָמענטירנדיק דידאָזיקע באַשטימונג אין אַ לייטאַרטיקל, האָבן די „יעדיעס“ געשריבן: „הא-קלאל, אַ קאָנסטיטוציע איז געגעבן, עס איז געגעבן פרייהייט פון פאַרזאַמלונ-גען, נאָר די פאַרזאַמלונגען ווערן ארומגערינגלט מיט מיליטער, עס איז גע-געבן פרייהייט פון וואָרט, נאָר די צענזור איז געבליבן אומבארירלעך, עס איז געגעבן פרייהייט פון וויסנשאַפט, נאָר די אוניווערסיטעטן זיינען פאַרנומען מיט מיליטער, ס׳איז געגעבן אומבאַרירלעכקייט פון פערזאָנען, נאָר די טפיסעס זיינען פאַרפולט מיט אַרעסטירטע. עס איז געגעבן אַ קאָנסטיטוציע, נאָר עס איז געבליבן די זעלבסטהערשונג. אַלץ איז געגעבן—און עס איז גאָרניט ניט געגעבן. דער ראַט באַשטימט: דער אַלגעמיינער שטרייק ווערט פאָרגע-זעצט“.

דעם 18-טן האָבן הונדערט טויזנט-קעפּיקע מאסן זיך פֿאַרזאַמלט באַם קאַזאַנער קלויסטער. זייער לאָזונג איז געווען—אַמניסטיע. זיי האָבן געוואָלט גיין צו די טפּיסעס, האָבן געפֿאָדערט אָנפֿירונג און האָבן זיך געלאָזט גיין צום אָרט פֿון די אַרבעטערדעפּוטאַטן. זעקס אַזייגער אינאָוונט קלייבט אויס דער ראַט דריי באַפֿאָלמעכטיקטע אָף אָנצופֿירן מיט דער דעמאָנסטראַציע. מיט ווייסע באַנטן אַף די קעפּ און הענט ווייזן זיי זיך אין פֿענצטער פֿון צווייטן שטאָק. אונטן אָטעמט און וויגט זיך דער מענטשלעכער אקעאַן. רויטע פֿאָנען פֿלאטערן איבער אים, ווי זעגלען פֿון דער רעוואָלוציע. טויזנטער אויסרופֿן באַגריסן די אויסגעקליבענע. דער ראַט אין זיין פֿולן באשטאַנד לאָזט זיך אַראָפּ אונטן און פֿאַרזינקט אין דער מאסע. „אַ רעדנער"! צענדליקער הענט ציען זיך צום רעדנער. א מינוט—און זיינע פּיס שפּאַרן זיך אָן אימעצנס אַקסלען. „אַמניסטיע! צו די טפּיסעס!" רעוואָלוציאָנערע הימנען, אויסגעשרייען... אַף קאַזאַנער פּלאַץ און באַם אַלעקסאַנדראָווער-סקווער אַנטבלויזט מען די קעפּ: דאָ פֿאַרייניקן זיך צו די דעמאָנסטראַנטן די שאטנס פֿון די קאָרבאָנעס פֿונם 9 יאַנוואַר. מע זינגט זיי „אייביקן אָנדענק" און „איר זייט א קאָרבן געפֿאַלן". די רויטע פֿאָנען באַ פּאָבעדאָנאָסצעווס הויז, אַ פֿייפֿעריי און קלאָלעס. הערט דאָס אַלץ דער אַלטער קארשון?... זאָל ער אָן מוירע אַרויסקוקן אין פֿענצטער: אין דערדאָזיקער שאָ וועט מען אים ניט אָנרירן. זאָל ער אַ קוק טאָן מיט די אַלטע פֿאַרברעכערישע אויגן אַפֿן רעוואָלוציאָנערן פֿאָלק, וואָס הערשט אַף די גאַסן פֿון פּעטערבורג.—פֿאָרווערטס!

דער קאמף פֿאַר אַמניסטיע איז געפֿירט געוואָרן אומעטום. אין מאָסקווע חאָט דעם 18 אָקטיאבר אַ פֿילטויזנטקעפּיקע מאסע זיך דערשלאָגן באַם גענעראַלגובערנאַטאָר, אַז טייקעף זיינען באפֿרייט געוואָרן די פּאָליטישע אַרעסטירטע; אַ צעטל פֿון דידאָזיקע אַרעסטירטע איז איבערגעגעבן געוואָרן דער דעפּוטאַציע פֿון שטרייקקאָמיטעט (אינגיכן האָט זיך דערדאָזיקער שטרייקקאָמיטעט אַנטוויקלט אין אַ ראַט פֿון אַרבעטערדעפּוטאַטן). און די באַפֿרייונג פֿון די טפּיסעס איז פֿאָרגעקומען אונטער איר קאָנטראָל. אין דעמזעלבן טאָג האָט אַ האַמוין צעשמעטערט אין סימפֿעראָפּאָל די טויערן פֿון די טפּיסעס און אוועקגעפֿירט די פּאָליטישע ארעסטירטע אין קאַרעטעס. אין אָדעס און רעוועל זיינען די פּאָליטישע אַרויסגעלאָזט געוואָרן לויט דער פֿאָדערונג פֿון די דעמאָנסטראַנטן. אין באקו האָט דער פּרווו צו באַפֿרייען די אַרעסטירטע געבראַכט צו אַ צוזאַמענשטויס מיטן מיליטער: 3 געהאַרגעטע, 18 פֿאַרוווּנדעטע. אין סאַראַטאָוו, ווינדאַווע, טאַשקענט, פּאָלטאַווע, קאָוונע... אומעטום זיינען די דעמאָנסטראַנטן געגאַנגען צו די טפּיסעס. „אַמניסטיע!"—ניט נאָר די גאַסנשטיינער, נאָר אַפילע די פּעטערבורגער שטאָטדומע האָט איבערגעכאַזערט דעמדאָזיקן געשריי.

דעם 22-טן אָקטיאבר האָט די רעגירונג, ענדלעך, פּובליקירט דעם צאַרישן באַפֿעל „וועגן פֿאַרגרינגערן דעם גוירל פֿון פּערזאָנען, וועלכע זיינען

ביון מאניפעסט אַריינגעפֿאַלן אין פֿאַרברעכערישע מאיסים קעגן דער מעלוכע״— אַ נישטיקער, סאָכריש־קארגער אַקט מיט גראַדאַציעס פֿון „באַרעמהערציקייט״.

עס איז אָבער געווען אַ קאַטעגאָריע „מעלוכישע פֿאַרברעכער״, צו וועל־כע דערדאָזיקער אַקט האָט קיין שאיכעס ניט געהאט און האָט ניט געקענט האָבן. דאָס זיינען די פֿאַרמוטשעטע, צעשניטענע, דערשטיקטע, דערשטאָכענע און דערשאָסענע, דאָס זיינען אַלע, וואָס זיינען געהארגעט געוואָרן פֿאַר דער פֿאָלקזאַך. אין די שאָען פון דער אָקטיאַברדעמאָנסטראַציע, ווען די רעוואָלוצ־יאָנערע מאסן האָבן באערט אף די בלוטיקע פֿעלדער פֿון פעטערבורג דעם אָנדענק פון די געפֿאַלענע דעם 9 יאנוואַר, זיינען שוין אין די פּאָליצעישע מייסימשטיבלעך געלעגן די טויטע קערפּער פֿון די ערשטע קאָרבאָנעס פון דער קאָנסטיטוציאָנעלער צייט. די רעוואָלוציע האָט ניט געקענט אומקערן דאָס לעבן אירע נייע קדושים,—זי האָט באשלאָסן אָנטאָן זיך אין טרויער און פֿייערלעך ברענגען זיי צו קוורע. דער ראַט באַשטימט אָפּן 23 אָקטיאבר אַן אַלגעמיינע פֿאָלקדעמאָנסטראַציע פֿון טרויער. נאָר טרעפאָוו דערקלערט, אַז „אין דער איצטיקער ניט רויִקער צייט, ווען איין טייל באפֿעלקערונג איז גרייט מיט געווער אין האנט אופצושטיין קעגן די מאיסים פון דעם צווייטן טייל קענען קיין שום דעמאָנסטראַציעס אָפּן פּאָליטישן באדן, אין די אינטערעסן פֿון די דעמאָנסטראַנטן אַליין, ניט דערלאָזן ווערן״, און לייגט דערום פֿאַר די אײנאָרדענער פֿון דער דעמאָנסטראַציע אָפּצוזאָגן זיך פֿון זייער קאַוואָנע... „צו־ליב די זייער שווערע פֿאָלגן, וואָס קענען זיך באקומען פון די אַנטשיידענע מיטלען, צו וועלכע די פּאָליצעישע מאַכט קען זיין געצוווּנגען אָנצוּנעמען״. דאָס איז געווען קלאָר און דייטלעך, ווי אַ קלאַפּ פון אַ שווערד און א שאָס פֿון אַ ביקס, באוואָפֿנען די שטאָטישע כוליגאַנעס דורך די פּאָליצייצירקלען, אָנרייצן זיי אף דער דעמאָנסטראַציע, אַרויסרופֿן אַ צוזאמענשטויס און באנוצן זיך דערמיט מיטן אַריינמישן פון פּאָליציי און מיליטער, דורכטראָגנדיק זיך אי־בערן שטאָט, ווי א שטורם, לאָזנדיק נאָך זיך בלוט, פֿאַרוויסטונג, רויך פֿון סרייפעס און ציינקריצונג.

דער מאָמענט איז געווען זייער אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכער און וויכטיקער. באַשטימען די אַנטשיידענע שלאַכט בייס דער טרויערמאניפעסטאַציע, אין אַזאַ מאָמענט, ווען די טיטאַנישע אָנשטרענגונג פֿון אָקטיאַברשטרייק איז שוין אָפּ־געפֿאַלן, אָפּטרעטנדיק דאָס אָרט אַ צייטווייליקער פסיכאָלאָגישער רעאַק־ציע פֿון פֿאַרמאטערטקייט און באפרידיקונג,—וואָלט געהייסן מאכן אַ שרעק־לעכן פֿעלער.

דעם 22 אָקטיאבר, אַף אַן עקסטרעזיצונג פון ראַט, 1 אַזייגער באנאַכט, נאָך הייסע דעבאטן, איז מיט אַ גרויסער מערהייט שטימען אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע:

„דער ראַט פון די אַרבעטערדעפּוטאַטן האָט געוואָלט פֿייערלעך ברענגען צו קוורע די קאָרבאָנעס פון רעגירונגפֿאַרברעכנס זונטאָג, דעם 23 אקטיאבר.

נאָך דער פרידלעכער מיין פון די פעטערבורגער אַרבעטער האָט אַוועקגעשטעלט אַף די פּיס אַלע פּאָרשטייער פון דער אונטערגייענדיקער אָרדענונג. דער גענעראַל טרעפּאָוו, וועלכער האָט זיך אופגעהויבן אַף די טויטע קערפּער פון 9 יאַנוואַר, וועלכער האָט שוין ניט וואָס אָנצווערן פאַרן פּאָנים פון דער רעוואָלוציע, האָט היינט געוואָרפן דעם פעטערבורגער פּראָלעטאַריאַט דעם לעצטן אַרויסרוף. טרעפּאָוו גיט פּרעך צו פאַרשטיין אין זיין מעלדונג, אַז ער וויל אַף אַ פרידלעכער דעמאָנסטראַציע אָנרייצן באַוואָפנטע דורך דער פּאָליצײ שוואַרצמייעדיקע באַנדעס, און דערנאָך, אונטערן אָנשטעל פון שאָלעם מאכן, ווידער פאַרגיסן מיט בלוט די גאַסן פון פעטערבורג. צוליב דעמדאָזיקן טייוולשן פּלאַן דערקלערט דער ראַט פון די דעפּוטאַטן: דער פעטערבורגער פּראָלעטאַריאַט וועט געבן דער צאַרישער רעגירונג דעם לעצטן שלאַכט ניט אין דעם טאָג, וועלכן עס וועט אויסקלייבן טרעפּאָוו, נאָר דעמאָלט, ווען דאָס וועט לוינען דעם אָרגאַניזירטן און באַוואָפנטן פּראָלעטאַריאַט. דער ראַט פון די דעפּוטאַטן באַשטימט דערום: פאַרבייטן דעם אַלגעמיינעם טרויערגאַנג אומעטום מיט גרויסע מיטינגען פון באַערן די קאָרבאָנעס, געדענקענדיק דערביי, אַז די געפאַלענע קעמפער האָבן מיט זייער טויט אונדז אָנגעזאָגט צו פאַרצענפאַכן אונדזערע אָנשטרענגונגען אַף זיך זעלבסט צו באַוואָפענען און דערנעענטערן דעם טאָג, ווען טרעפּאָוו, צוזאַמען מיט זיין גאַנצער פּאָליציישער באַנדע, וועט אַריינגעוואָרפן ווערן אין אַלגעמיינעם מיסטקאַסטן פונם „ברוכווארג פון דער מאָנאַרכיע”.

אינמיטן נאָיאַבר איז אומגעריכט און פון זיך אַליין אויסגעבראָכן דער פּאָסט און טעלעגראַפשטרייק. דאָס איז געווען אַן ענטפער פון די אופוואַכנדיקעשקלאַפן פון פּאָסט און טעלעגראַף-מיניסטעריום אַף דורנאַווס צירקוליאַר, וועלכער האָט פאַרבאָטן די טשינאָווניקעס צו בילדן פאַריינען. מיצאַד דעם פּאָסטאון טעלעגראַפפאַרבאַנד איז דעם גראַף וויטע געשטעלט געוואָרן אַן אולטימאַטום: אָפּשאַפן דורנאָווס צירקוליאַר און צונעמען צוריק די באַאַמטע, וואָס זיינען אָפּגעזאָגט געוואָרן פאַר געהערן דער אָרגאַניזאַציע. דעם 15-טן נאָיאַבר האָט דער פּאָסט-און טעלעגראַפצוזאַמענפאָר, וועלכער איז זיך צונויפגעקומען אין דער צאָל פון 73 דעלעגאַטן אין מאָסקווע, איינשטימיק באַשלאָסן פאַנאַנדערצושיקן איבער אַלע ליניעס אַ טעלעגראַמע: „פון וויטען האָט זיך קיין ענטפער ניט באַקומען. שטרייקט”!. די אָנשטרענגונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז אין סיביר האָט זיך דער שטרייק אָנגעהויבן איידער עס האט זיך אויסגעלאָזט דער טערמין פון אולטימאַטום. אפן צווייטן טאָג האָט דער שטרייק ארומגעכאַפּט גאַנץ רוסלאַנד. דער פעטערבורגער ראַט פון די ארבעטערדעפּוטאַטן האָט זיך ניט געוואַקלט קיין מינוט. און אויב דער פּאָסט-און טעלעגראַפשטרייק האָט זיך אָנגעהויבן ניט לויט זיין איניציאַטיוו, איז ער אין פעטערבורג דורכגעפירט געוואָרן מיט זיין גרויסער מיטהילף. פון דער קאַסע פון ראַט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן די שטרייקער 2000 רובל, דער אויספירקאָמי-

טעט האָט געשיקט אַף זייערע פֿאַרזאַמלונגען זיינע רעדנער, האָט געדרוקט זייערע אויפֿרופֿן און האָט אָרגאַניזירט פּאַטרולן קעגן שטרייקברעכער.

דעם 23-טן נאָיאַבר, אין סאַמע ברען פֿון פּאָסט-און טעלעגראַפשטרייק, האָט דער קאָמיטעט פֿון פּעטערבורגער אייזנבאַנקנופּ באַקומען פֿון קושקי אַ טעלעגראַפישע מעלדונג וועגן דעם, אַז דער קאָמענדאַנט פֿון פֿעסטונג אינזשענער סאַקאַלאָוו און עטלעכע אַנדערע אַנגעשטעלטע זיינען איבערגעגעבן געוואָרן פֿאַר רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע צום קריגגעריכט, וועלכער האָט זיי פֿאַרמישפּט צום טויט, דערביי דאַרף דער אורטייל אויסגעפֿירט ווערן דעם 23-טן נאָיאַבר, 12 אזייגער באַנאַכט. דער שטרייקנדיקער טעלעגראַפֿדראָט האָט אין עטלעכע שאָ צונויפֿגעבונדן צווישן זיך אַלע אייזנבאַנקנופּן. די אייזנבאַנער-אַרמיי האָט געפֿאָדערט, מע זאָל אַרויסשטעלן דער רעגירונג אַן אייליקן אולטימאַטום. און דער אולטימאַטום איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן. פֿאַרשטענדיקנדיק זיך מיטן אויספֿירקאָמיטעט פֿון דעפּוטאַטנראַט, האָט דער אייזנבאַנערצוזאַמענפֿאָר דערקלערט דעם מיניסטעריום: אויב צו 8 אזייגער אינאָוונט וועט ניט אָפּגעשאַפֿט ווערן דער טויטאורטייל, וועלן אַלע אייזנבאַנען בלייבן שטיין.

עס איז געווען קלאָר, אַז אויב די רעגירונג וועט ניט נאָכגעבן, וועט זיך אַנטוויקלען אַ שאַרפֿער קאַמף... און וואָס זשע? פֿינף מינוט אַף ניין—נאָר דרייהונדערט סעקונדעס האָט די צאַרישע רעגירונג זיך איינגעשטעלט אָפּצוציִען. קעדיי צו ראַטעווען איר פּרעסטיזש, האָט דער ווערגמיניסטער מיט אַן עקסטרא טעלעגראַמע געגעבן צו וויסן דעם אייזנבאַנערקאָמיטעט, אַז דאָס אויספֿירן פֿונם אורטייל איז אָפּגעשטעלט. די פֿאַראָרדענונג וועגן דעם איז דעם קריגמיניסטער אויסגעקומען איבערצושיקן דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון אייזנבאַנערפֿאַרבאַנד, ווייל פֿאַר דער רעגירונג זעלבסט איז דער שטרייקנדיקער טעלעגראַף געווען ניט צוטריטלעך.

דערדאָזיקער שיינער זיג איז געווען אָבער דער לעצטער זיג פֿון דער רעוואָלוציע. ווייטער האָט זי געזעען נאָר מאַפּאָלעס. אירע אָרגאַניזאַציעס זיינען צוערשט באַשאַפֿן געוואָרן פֿון אוואַנפּאָסטן. עס איז געוואָרן קלאָר, אַז אַף זיי גרייט זיך אַן אומראַכמאָנעסדיקע אַטאַקע. נאָך דעם 14 נאָיאַבר איז אין מאָסקווע, אַפֿן גרונט פֿון פֿאַרשטאַרקטער אויפֿזיכט, אַרעסטירט געוואָרן די קוורע פֿון פּויערשן פֿאַרבאַנד. אַן ערעך אין דערזעלבער צייט איז אין צאַרסקאָיע סעלאָ באַשלאָסן געוואָרן צו אַרעסטירן דעם פֿאָרזיצער פֿון פּעטערבורגער ראַט פֿון די אַרבעטערדעפּוטאַטן, און דעם 26 איז כרוסטאַליאָוו אַרעסטירט געוואָרן אין דער געביידע פֿון אויספֿירקאָמיטעט.

פֿאַרלאָזן נאָכן אַרעסט פֿון פֿאָרזיצער די אָפֿענע אַרענע האָט דער ראַט ניט געקענט. א פֿריי-אויסגעוויילטער פּאַרלאַמענט פֿון אַרבעטערקלאַס, איז ער געווען שטאַרק טאַקע מיטן עפֿנטלעכן כאַראַקטער פֿון זיין טעטיקייט. צולאָזן די אָרגאַניזאַציע האָט געהייסן פֿרייוויליק עפֿענען פֿאַרן פֿיינט די טויערן פֿון פֿעסטונג, איז געבליבן צו גיין מיטן פֿריערדיקן וועג.

די אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג פֿון ראַט איז פֿאָרגעקומען דעם 27 נאָיאַבר עפֿנטלעך, ווי שטענדיק. עס זיינען געווען 302 דעפּוטאַטן. די שטימונג איז געווען א נערוועזשע, אַסאַך מיטגלידער פֿון ראַט האָבן געוואָלט א באַלדיקן און קלאָרן ענטפֿער אַפֿן פּאַרטיזאַנישן אָנפֿאַל פֿון מיניסטעריום, נאָר נאָך קורצע דעבאַטן האָט די פֿאַרזאַמלונג איינשטימיק אָנגענומען די רעזאָלוציע פֿון אויספֿירקאָמיטעט: „דעם 26 נאָיאַבר איז פֿון דער צאַרישער רעגירונג גענו-מען געוואָרן אין געפֿענגעניש דער פֿאָרזיצער פֿון ראַט פֿון אַרבעטערדעפּוטאַטן. דער ראַט פֿון די א. ד. קלייבט אויס א צייטווייליקן פּרעזידיום און גרייט זיך ווייטער צו א באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד".

ווען נאָך מעגלעך זיין ווייטערדיקע אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונגען פֿון פּראָ-לעטאַרישן פּאַרלאַמענט? קיין זיכערקייט אין דעם איז ניטאָ. די פֿאַרזאַמלונג באַשטימט, אין פֿאַל, ווען עס וועט ניט מעגלעך זיין צוזאַמענרופֿן דעם ראַט, איבערגעבן זיינע פֿונקציעס דעם אויספֿירקאָמיטעט אין א פֿאַרברייטערטן צו-זאַמענשטעל. נאָכן אַרעסט פֿון ראַט, דעם 13 דעקאַבער, זיינען זיינע פֿולמאַכטן, אַפֿן גרונט פֿון דערדאָזיקער באַשטימונג, איבערגעגאַנגען צום אויספֿירקאָמי-טעט פֿון צווייטן ראַט.

## אַרעסטירט דעם אַרבעטערראַט.

אין די צוואַנציקסטע טעג פֿון נאָיאַבר זיינען דערקלערט געוואָרן אין קריגצושטאַנד קיעוו און קיעווער אויעזד, די גובערניעס ליפֿלענדער, טשער-ניגאָווער, סאַראַטאָווער, פּענזער און סימבירסקער—די הויפּטאַרענע פֿון די אַגראַראומרוען.

דעם 24-טן, אינם טאָג פֿון איינפֿירן „צייטווייליקע" קלאָלים וועגן דער פּרעסע, זיינען אויסעראָרדנטלעך פֿאַרברייטערט געוואָרן די רעכט פֿון די גובערנאַטאָרן און גראַדאָנאַטשאַלניקעס.

דעם 28-טן איז געבילדעט געוואָרן א שטעלע פֿון „צייטווייליקן" באַל-טישן גענעראַלגובערנאַטאָר, דעם 28-טן איז די אָרטיקע סאַטראַפּן געגעבן געוואָרן דאָס רעכט, אין פֿאַל, ווען ס'וועלן שטרייקן די אייזנבאַנען, אָדער די פּאָסט און טעלעגראַף, צו דערקלערן מיט דער אייגענער מאַכט זייערע גובער-ניעס אין אויסעראָרדנטלעכן צושטאַנד.

דעם 1-טן דעקאַבער האָט זיך אין צאַרסקאָיע-סעלאָ פֿאָרגעשטעלט פֿאַר ניקאָלאַיען אַן אין איילעניש צונויפֿגעקליבענע דעפּוטאַציע פֿון איבערגעשראָקענע פּריצים, מאָנאַכן און שטאָטישע פּאַבזאַוואָדטשיקעס. זי האָט געפֿאָדערט אום-ראַכמאָנעסדיקע שטראָפֿן פֿאַר די רעוואָלוציאָנערע פֿאַרברעכער.

דעם 2-טן דעקאַבער זיינען קאָנפֿיסקירט און אָפּגעשטעלט געוואָרן אַכט צייטונגען, וואָס האָבן אָפּגעדרוקט דעם פֿינאַנציעלן מאַניפֿעסט פֿון ראַט. אין

דעמזעלבן טאָג זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן גרויזאמע קלאלים וועגן שטרייקן און פֿאַריינען פֿון אָנגעשטעלטע.

דעם 3-טן דעקאבער, 4 אזייגער באַטאָג, האט זיך צונויפגעקליבן דער אויספירקאָמיטעט. א פֿאָרשטייער פֿון צענטראלן קאָמיטעט פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (באָלשעוויקעס) טראָגט אַריין אין נאָמען פֿון דער פּאַרטיי א פֿאָרשלאג: אָנעמען דעם אַרויסרוף פֿון אבסאָלוטיזם, טייקעף צונויפֿ-ריידן זיך מיט אלע רעוואָלוציאָנערע אָרגאניזאציעס פֿון לאַנד. באַשטימען דעם טאָג פֿון אן אלגעמיינעם פּאָליטישן שטרייק, רופֿן צו מאַסים אלע קויכעס, אלע רעזערוון און שטיצנדיק זיך אף דער אגראַרישער באַוועגונג און סאלדאטנ-אומרוען, גיין אנטקעגן דער אנטגילטיקער אנטשיידונג...

די דעבאטן ווערן איבערגעריסן צוליב א יעדיע, אז היינט שטייט פֿאַר דער ארעסט פֿון ראט. אין א האלבער שעָה ארום קומט א באַשטעטיקונג. צו דערדאָזיקער צייט איז דער גרויסער זאל אין אונטערשטן שטאָק שוין געווען געפאקט מיט דעלעגאטן, פֿאָרשטייער פֿון פּארטייען, קאָרעספּאָנדענטן און געסט. דער אויספֿירקאָמיטעט, וואס זיצט אפֿן צווייטן שטאָק, באַשליסט צו באַזייטיקן עטלעכע פֿון זיינע מיטגלידער, קעדיי עס זאלן זיין איבערנעמער אין פֿאַל פֿון אן ארעסט. עס איז שוין אָבער צו שפּעט! די געביידע איז ארומגערינגלט מיט סאלדאטן פֿון איזמאילעווער גוואַרדעישן פּאָלק, מיט קאָ-זאקן אף פֿערד, פּאָליציי, זשאנדארמען... א טופעריי פֿון פיס, קלינגעריי פֿון שפּאָרן און געווער פילן אָן די געביידע. פֿון אונטן טראָגן זיך רוישנדיקע פּראָ-טעסטן פֿון די דעלעגאטן. דער פּאָרזיצער עפֿנט א פֿענצטער פֿון צווייטן שטאָק, בויגט זיך איבער אף אונטן און שרייט: „כאווירים, קיין ווידער-שטאַנד ניט ווייזן, מיר דערקלערן פֿאָרויס, אז דאָ קען זיך הערן נאָר א פּאָ-ליציישער אָדער א פּראָוואָקאטאָרישער שאָס"... אין עטלעכע מינוט ארום הויבן זיך די סאלדאטן אויף אפֿן צווייטן שטאק און שטעלן זיך אוועק באַם אריינגאנג אין דער דירע פֿון אויספֿירקאָמיטעט.

פּאָרזיצער: (ווענדנדיק זיך צום אָפיצער) איך לייג פֿאָר צו פֿארמאכן די טיר און ניט שטערן אונדזער ארבעט.

די סאלדאטן בלייבן אין קאָרידאָר, נאָר די טירן פֿארמאכן זיי ניט.

פֿאָרזיצער: די זיצונג ווערט פֿאָרגעזעצט, ווער וויל א וואָרט?

פֿאָרשטייער פֿון פֿאריין פֿון קאָנטאָרשטשיקעס: מיט איר היינטיקן אקט פֿון גראבער געוואלט האָט די רעגירונג פֿארשטאַרקט די מאָטיוון פֿאר אן אל-געמיינעם שטרייק, זי האט אים פֿאָרויס באשטימט, דער אויסגאנג פֿון דער נייער אנטשיידענער ארויסטרעטונג פֿון פּראָלעטאריאט איז אפהענגיק פֿון מי-ליטער. זאלן זיי זשע זיך שטעלן צו דער פֿארטיידיקונג פֿון פֿאָטערלאַנד (דער אָפֿיצער פֿאַרמאכט איילִיק די טיר, דער רעדנער העכערט דעם קאל), אויך דורך די פֿאַרמאַכטע טירן וועט זיך דערטראָגן צו די סאָלדאַטן דער ברודער-לעכער רוף פֿון די אַרבעטער, דער קאָל פֿון אויסגעמוטשעטן לאַנד!...

די טיר עפֿנט זיך אויף, אין צימער קריכט אַריין א בלייכער, ווי דער טויט, זשאַנדאַרמענוּאַטמיסטער (ער האָט מוירע געהאַט פֿאַר א שאָס), נאָך אים א טוץ צוויי פּאָליציאַנטן, וועלכע שטעלן זיך פֿאַנאַנדער הינטער די שטולן פֿון די דעלעגאַטן.

פֿאָרזיצער: איך דערקלער די זיצונג פֿון אויספֿירקאָמיטעט פֿאַר געשלאָסן.

פֿון אונטן הערט זיך א הויכער און געמיינזאַמער מעטאַלישער קלאַפּ. עס דאַכט זיך, ווי ס'וואלטן דאָרט געאַרבעט א צענדליק שמידן: דאָס צעברעכן די דעלעגאַטן זייערע ברווינינגס, זיי זאלן ניט אַריינפֿאַלן אין די הענט פֿון דער פּאָליציי.

עס הויבט זיך אָן די אונטערזוכונג. אַלע זאָגן זיך אָפּ זיך אָנצורופֿן. אונטערגעזוכט, פֿאַרשריבן און פֿאַרנומערירט, ווערן די דעלעגאַטן איבערגעגעבן אונטערן קאָנוואָי פֿון האַלבשיקעווע גוואַרדייצעס.

דער פּעטערבורגער ראָט פֿון אַרבעטערדעפּוטאַטן—אין די הענט פֿון די פֿאַרשווערער פֿון צאַרסקאָיע סעלאָ.

---

# אופרוף פון מאסקווער ארבעטערראט.

## צו אלע ארבעטער, סאלדאטן און בירגער.

כאַוויירים, אַרבעטער, סאָלדאַטן און בירגער!

פונם 30 (17) אקטיאבער אן, ווען דער ארבעטערקלאס האָט מיט גוואַלט אַרויסגעריסן בא דער צאַרישער רעגירונג דעם צוזאָג פון פאַרשיידענע פריי-הייטן און „ווירקלעכער" אומבאַרירלעכקייט פון פערזאָן, האָבן זיך די גוואַלד טאַטן מיצאַד דער רעגירונג ניט בלויז ניט אָפּגעשטעלט, נאָר זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט. ווי פריער גיסט זיך מענטשלעכע בלוט.

פרייע פאַרזאַמלונגען, ווו מ'קאָן אויסהערן אַ פריי וואָרט, ווערן פאַנאַנ-דערגעטריבן מיט געווער, פראָפעסיאָנעלע און פּאָליטישע פאַריינען ווערן אַכ-זאָריעסדיק פאַרפאָלגט.

אין די צענדליקער פאַרמאַכט מען פרייע צייטונגען.

פאַר שטרייקן דראָט מען מיט טורמע.

איבער דער „ווירקלעכער" אומבארירלעכקייט פון פערזאָן פונם רוסישן בירגער איזדעקעוועט מען זיך און מע באַגייט אַזעלכע גוואַלטמאַיסים, אז דאָס בלוט נעמט גליווערן אין די אָדערן.

די טורמעס ווערן ווידער איבערפולט מיט קעמפער פאַר פרייהייט.

אין גאַנצע געגנטן און גובערניעס ווערט דערקלערט קריגסצושטאַנד.

הונגעריקע פויערים ווערן צעמאזיקט און צעשאָסן אומבעראַכמאָנעסדיק.

מאַטראָסן און סאָלדאַטן, וועלכע ווילן ניט ארויסטרעטן קעגן אייגענע ברי-דער און שטייען צו צום פאָלק, פילן אָן די טורמעס. מע טויט זיי און מע טרינקט זיי.

ווען מ'זאָל צונויפזאַמלען דאָס גאַנצע בלוט און טרערן, וואָס זיינען פאַר-גאָסן געוואָרן אין איין אָקטיאבער איבער דער שולד פון דער רעגירונג, וואָלט די לעצטע דערטרונקען געוואָרן אין דעמדאָזיקן יאם, כאַוויירים.

מיט א באַזונדער סינע אָבער וואַרפט זיך די רעגירונג אָפּן אַרבעטערקלאס.

אין פאַרבאַנד מיט די קאַפיטאַליסטן וואַרפט זי ארויס אפן גאַס הונדער-טער טויזנטער ארבעטער, און פאַרמישפּעט זיי צו אָרעמקייט און הונגערטויט. דעפוטאַטן און אָנפירער פון ארבעטער זעצט זי אַריין אין טפיסע אין די צענ-דליקער און הונדערטער.

זי דראָט די פאָרשטייער פון ס.ד.א.פּ. און פון ס.ר., אז זי וועט קעגן זיי אָננעמען עפעס „אויסשליסלעכע" מיטלען, זי האָט ווידער אָרגאַניזירט שוואַרצמייעס און דראָט מיט ני'ע מאסנשכיטעס און פּאָגראָמען.

דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט קאָן אף ווייטער ניט דולדן אַזאַ מין כויזעק מאכן מיצאַד דער צאַרישער רעגירונג און דערקלערט איר אן אנט-שיידענעם און אומבעראַכמאָנעסדיקן קאַמף.

כאַווײרים אַרבעטער! מיר, אויסדערווײלטע דורך אײך דעפּוטאַטן, מאָס־קווער קאָמיטעט, מאָסקווער קרײזאָרגאַניזאַציע פֿון ר.ס.ד.אַ.פּ. און מאָסקווער קאָמיטעט פון דער פּאַרטײ סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן—דערקלערן אַן אַלגע־מײנעם פּאָליטישן שטרײק, און מיר רופֿן אײך מיטוואָך 20 (7) דעקאַבער 12 אַזײ־גער באַטאָג צו וואַרפֿן און אָפּשטעלן די אַרבעט אַף אַלע פאַבריקן און זאַוואָדן אין אַלע שטאָטישע און רעגירונגאונטערנעמונגען.

כאַווײרים, סאָלדאַטן! איר זײט אונזערע לײבלעכע ברידער, מיר זײנען קינדער פֿון אײן מאַמע—קינדער פון פּײנלײדנדיקן רוסלאַנד. מיט אײער אנטײל אין אונדזער קאמף האָט איר עס אַנערקענט און באשטעטיקט. איצט, ווען דער פּראָלעטאַריאַט דערקלערט דעם סוינע—דער צאַרישער רעגירונג — אַן אנטשײ־דענעם קאַמף, מוזט איר אויך האנדלען אנטשײדן און דרײסט. זאָגט זיך אָפּ צו פֿאָלגן אײער בלוטדורשטיקע נאטשאַלסטווע, טרײבט זי אָפּ פֿון זיך און אַרעסטירט זי. קלײבט פֿון אײער סוויווע אויס אזעלכע פירער, אַף וועלכע מע קאָן זיך פאַרלאָזן. מיט געווער אין האַנט שטײט צו צום אופגעשטאַנענעם פֿאָלק. צוזאַמען מיטן ארבעטערקלאַס דערשלאָגט זיך, אז מע זאָל פאנאַנדער־לאָזן די שטענדיקע ארמײ און אַז מע זאָל באוואָפּעגען דאָס גאַנצע פאָלק, פויעלט, אז מע זאָל אָפּשאַפן קריגגעריכטן און קריגצושטאַנד...

אויך איר, בירגער, וועלכע גארן אופריכטיק נאָך ברײטער פרײהײט, דאַרפט העלפן די אופגעשטאנענע אַרבעטער און סאלדאטן מיט וואס נאָר איר קענט—העלן מיט פערזענלעכן אַנטײל, העלן מיט אלגעמײנע מיטלען. דער פּראָ־לעטאַריאַט און די ארמײ קעמפן פאר דער פרײהײט און פארן גליק פֿון גאַנץ רוסלאַנד און פון גאַנצן פאָלק. אין קאָן איז אַוועקגעשטעלט די גאַנצע צוקונפט פון רוסלאַנד. לעבן אָדער טויט, פרײהײט אָדער קנעכטשאַפט. מיט פאַראײניקטע קויכעס וועלן מיר לעסאָף אַראָפּשלײערן די פאַרברעכערישע צאַרישע רעגירונג, מיר וועלן צונויפרופן אַ גרינדונגפאַרזאמלונג אַפן יעסאָד פֿון אַלגעמײנער, גלײכער, דירעקטער און געהײמער וואלאָפּשטימונג און וועלן אײנשטעלן אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק, וואָס בלויז זי אײנע קאן אונדז פארזיכערן ברײטע פרײהײט און וּוירקלעכע אומבארירלעכקײט פון פערזאָן.

דרײסט אין שלאַכט, כאַווײרים אַרבעטער, סאלדאטן און בירגער!

אַראָפּ די פאַרברעכערישע צאַרישע רעגירונג! זאָל לעבן דער אַלגעמײנער שטרײק און באוואָפנטער אופשטאַנד! זאָל לעבן די אַלגעמײנע גרינדונגפאַר־זאַמלונג! זאָל לעבן די דעמאָקראַטישע רעפּובליק!

מאָסקווער ראט פון אַרבעטערדעפּוטאַטן.
מאָסקווער קאמיטעט פון ר. ס. ד. א. פּ.
מאָסקווער גרופּע ר. ס. ד. א. פּ.
מאָסקווער קרײזאָרגאַניזאַציע ר. ס. ד. א. פּ.
מאָסקווער קאָמיטעט פון פּאַרטײ סאָצ. רעוו.

19(6) דעקאַבר 1905 יאָר.

יונגאָגראדאָו.

# דער דעקאבראופשטאנד.

ס'האט זיך אלץ מערער און מערער געהויבן די רעוואָלוציאָנערע שטי-מונג. מיר האבן טייקעף אויסגענוצט דעם קאמפּאופשוונג און אַוועקגעצויגן דעם האַמוין צו דער טאגאנער טורמע. באם אָפּיצער נעבן די טויערן פון טורמע האבן מיר אַ פּאָדער געטאָן, מע זאל טייקעף עפענען די טויערן—און זיי האבן זיך געעפנט. בא די טירן פון דער טורמע האט אונדז באגעגנט די וואַך מיט אָנגעצילטע נאַגאַנען. איך האב, אלס אָנפירער פון האמוין, געווענדט זיך צום אָפּיצער און מיט א הערשערקאָל געפּאָדערט, מע זאָל באזייטיקן די וואַך, מיט רויטע פאָנען אין די הענט האבן מיר זיך א לאָז געטאָן אַרוף איבער די טרעפּ צום אופנאַמצימער און דאָרט געפּאָדערט באם טורמעשעף, ער זאָל טייקעף באפרייען די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן. דעם איניען האבן אביסל קאליע געמאַכט די אַדוואָקאַטן, וואָס זיינען שוין אויך געווען אין אופנאַמצימער און האבן געפירט דיפּלאָמאַטישע אונטערהאנדלונגען, נאָר פונדעסטוועגן האט זיך אונדז איינגעגעבן אַרויסרייסן קימאט אלע אַרעסטירטע. א טייל פון זיי האָבן מיר געגעבן געווער. זיי האבן געקושט די באקומענע ברויניגען און געלאָפן מיט זיי צוריק אין די קאמערן אַרויסצורייסן די פאַרבליבענע.

צו נאַכט צו האבן מיר פאַרלאזן די טורמע און דורך די ליידיקע גאַסן אומגעקערט זיך אין שטאָט אַריין צום אוניווערסיטעט, ווו ס'האבן זיך געצויגן די מיטינגען. מ'האט אונדז באגעגנט מיט אַוואַציעס און מאַרסעליעזע געזאַנג, נייע, אופגערעגטע און רייצנדיקע רעדעס, פאַרשיקערדיקע אופרופן צום קאמף, רויטע פאָנען אַרום און אַרום...

* * *

אין דעמזעלבן אַפדערנאַכט האָבן שוואַרצמייעניקעס אין כאַמאָוויטשער ראַיאָן בייס אַ גאַסנמיטינג דערמאָרדעט באַומאַנען. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַלס פּראָטעסט, איינאָרדענען אים אַ פייערלעכע לעוואיע. די דאָזיקע לעוואיע, וואָס איז פאָרגע-קומען עטלעכע טעג שפעטער, האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ גראַנדיעז בילד. דער האַמוין האָט דערגרייכט ביז עטלעכע צענדליק טויזנט מאַן; אַרבעטער סטודענטן, אינטעלעגענטן, יונגוואַרג און באַיאָרטע מענטשן פון קאָלעליי נאַציעס, פאַרטעישע און אומפאַרטעישע. פון די פענצטער, פון די באַלקאָנעס, פאַרביי

וועלכע מיר זיינען געגאַנגען, האָבן אונדז אַנטקעגן געפֿאָכעט ריזיקע רויטע פֿאָנען און רויטע פּלאַקאַטן מיט רעוואָלוציאָנערע אויפֿשריפֿטן.

נאָר אַף דער קאַמפֿדרוזשינע, וואָס האָט זיך אומגעקערט פֿון אוניווערסיטעט, קעדיי דאָרט צוגיין זיך, האָט געוואַרט אַ בלוטיקער פֿינאַל. מיר זיינען געווען אַ מאַן 80 באַוואָפֿנטע. שנעל שפּאַנענדיק זיינען מיר צוגעקומען צום אוניווערסיטעט פֿון ניקיטסקער גאַס און פֿאַרקירעוועט אין ווינקל קעגן מאַנעזש. פּלוצלונג האָט פֿון אַלע זייטן געגומען בליצן פֿייער. ס'האָבן זיך דערהערט שאָסן, און 40 פֿאַרשוין דרוזשיניקעס זיינען אומגעפֿאַלן טויט אַפֿן אָרט. עטלעכע זיינען פֿאַרוווּנדעט געוואָרן. דער לאָקער איז געווען גרויסאַרטיק אָרגאַניזירט: דער ווינקל פֿון ניקיטסקער און מאַנעזש איז געווען באַלויכטן מיט עלעקטרע, בעשאַס אין די שכייניש געסן איז די שיין אויסגעלאָשן געווען, און מיר האָבן ניט געקענט זען, ווער און פֿון וואַנען שיסט אין אונדז.

ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז קעגן אַ ביקס דאַרף מען האָבן אַ ביקס, און, אַ כויך דעם, דאַרף מען קענען טאַקטיק פֿון גאַסנקאַמף, מע דאָרף האָבן אַ גוטגעלערנטע קאַמפֿדרוזשינע, וואָס איז באַקאַנט מיט שיסעריי, מיט מאַרשירגעזעצן, מיט שלאַכטגעזעצן. איך האָב זיך גענומען אָרגאַניזירן אַזאַ דרוזשינע אין מיאוסער פּאַרק.

אַ דאַנק די רעוואָלוציאָנערע פֿאַרבינדונגען זיינען געקריגן געוואָרן מיטלען—1000 רובל. פֿאַר זיי האָט מען געקויפֿט 40 ווינטשעסטערביקסן, קורצע, קעדיי מע זאָל זיי קענען טראָגן אונטער דעם פּאַלטאָ. אין מענטשנמאַטעריאַל, פֿאַרשטייט זיך, איז קיין מאַנגל ניט געווען. אַ קאַמפֿדרוזשינע פֿון אַכט און פֿערציק פֿאַרשוין האָט זיך גיך אָרגאַניזירט. כויך קאָלערליי מינאַם מושטירונג האָבן מיר זיך געלערנט אומבאַמערקטערהייט צו באַוועגן זיך איבער דער שטאָט. פֿאַרלאָזנדיק דעם מיאוסער פּאַרק, פֿלעגן מיר אויסנעמען ווו צונויפֿצוקומען זיך, און אַרויסגייענדיק איינציקווייז, פֿלעגן מיר גיין אַהינצו יעדערער מיט זיין וועג. קומענדיק צום באַשטימטן פּלאַץ, פֿלעגן מיר אַרומשפּאַנען אַף אים, ביז ס'פֿלעגן זיך צונויפֿקלייבן אַלע, און דערנאָך פֿלעגט פּלוצלונג אויסוואַקסן אַרום אָנפֿירער די קאַמפֿדרוזשינע—אַכט און פֿערציק מאַן אין פֿולקאָמער קאַמפֿפֿאַרטיקייט.

אַלס שיספּלאַץ האָט אונדז געדינט אַ פּאַרטאַיעט אָרט אין אַ וועלדל, ווו ס'זיינען צונויפֿגעלייגט געווען סטויסן האָלץ—אין סאָקאָלניקי. מיר פֿלעגן נעמען אַ טראַמוואַיוואַגאָן, אַרויסהענגען אַף אים אַ שילדל: „Служебный" אַלע אַריין אין אים און אין עטלעכע רגעס פֿלעגן מיר שוין זיין באַם סאָקאָלניקער קרייז. דער וואַגאָן האָט זיך געשטעלט אַפֿן רעזערוועג, און מיר פֿלעגן זיך לאָזן צו אונדזער שיספּלאַץ, שפּאַנענדיק ווי וועלף איינער הינטערן אַנדערן, איינער אַפֿן טריט פֿונעם אַנדערן, קעדיי אַפֿן שניי זאָל בלייבן אַ שפּור נאָר פֿון איינעם, ניט פֿון קיין סאַך.

געקומען אַפֿן אָרט, פֿלעגן מיר אויך, ניט טאָפּטשענדיק דעם שניי, צעשפּרייטן זיך אין אַ שערענגע קעגן אַ סטויס האָלץ. שיסן פֿלעגט מען לויט דער ריי, יעדערער אַף זיין אָרט, אַלע אין איין פּונקט פֿון סטויס, אָנהויבנדיק פֿון גאָר אַ נאָענטן מעהאַלעך און צוביסלעכווייז פֿאַרגרעסערנדיק אים פֿון טאָג צו טאָג. יעדער אויסגעשאָסענע קויל פֿלעגן מיר אופקלייבן, קעדיי ס'זאָל ניט בלייבן קיין שפּור און קעדיי נאָכאַמאָל זי אויסנוצן; ווייל מיר האָבן ווינציק קוילן געהאַט, פֿלעגן מיר זיי אָפּסניי איבערלאָדן און שיסן מיט זיי. נאָך דער שיסעריי פֿלעגט מען דעם פּונקט, ווו עס האָבן זיך געלייגט די קוילן, פֿאַרשמירן מיט בלאָטע און שניי, די דרוזשינע פֿלעגט זיך אויסשטעלן, אַפֿן אַלטן שפּור, לויטן פֿריערדיקן שטייגער, אומקערן זיך צום וואַגאָן און פֿאָרן צוריק.

די רעזולטאַטן פֿון דעם שיסן זיינען געווען אויסגעצייכנטע. יעדער דרוזשיניק האָט געשאָסן טרעפֿלעך, אָן אַ דורכפֿאַל. די זיכערקייט אין דער טרעפֿלעכקייט איז געווען אַזוי גרויס, אַז דער כאַווער, וואָס האָט אָנגעפֿירט מיטן שיסן, איז געשטאַנען עטלעכע שפּאַן פֿון דעם ציל און מיט אַן עק פֿון אַ שטעקל געטייט אַף יענעם פּונקט, ווו ס'האָט געטראָפֿן די לעצטע קויל.

ווען די מיאוסער דרוזשינע איז שוין אָרגאַניזירט און אויסגעלערנט געווען, האָט די פּאַרטיי זי אָנגעהויבן באַנוצן אַף אָפּצוהיטן די מיטינגען. מע פֿלעגט אונדז פֿריער מוידיע זיין, און צו דער באַשטימטער שאָ פֿלעגן מיר זיך באַווייזן.

עס גדיינקט זיך איין צופֿאַל: מ'האָט אונדז אַרויסגערופֿן אָפּצוהיטן אין דער געביידע פֿונם פּאָליטעכנישן מוזיי. די רעוואָלוציאָנערע אַטמאָספֿער איז שוין שטאַרק אָנגעזעטיקט געווען מיט עלעקטרע, אַף די גאַסן איז געווען ווייניק אוילעם, נאָר דעם מאָל האָט זיך אונדז בעסער פֿאַרוואָלט צו גיין אינאיינעם, דורך שטילע געסלעך, איידער אין אַן אומבאַמערקטן גאַנג. ווען מיר האָבן אין צוויי שערענגעס פֿאַרקירעוועט זיך אַף צוויי טראָטואַרן פֿון לוביאַנער פּלאַץ אין קיטיי-דורכפֿאָר אַריין, האָבן מיר דערזעען דאָסדאָזיקע בילד: אַ פּאָליציי-אָפּטייל, אינאיינעם מיט אַן אָפּטייל קאַזאַקן, האָבן געבאַלעבאַטעוועט פֿאַרן אַריינגאַנג אין מוזיי. ס'האָבן געפּאָכעט נאַהייקעס, ס'זיינען געפֿלויגן פּאָליצעישע פֿויסטן, נעבן די ווענט האָבן זיך געשטופּט כאַוויירים און געפּרוווט אַריין אין מוזיי. געציילטע האָט זיך איינגעגעבן איבערצולויפֿן דורך דער גאַס אין מוזיי, נאָר מייסטנס האָט מען געמוזט אונטער די קלעפּ זיך אומקערן צוריק. די קאַזאַקן האָבן זיך אַרומגעדרייט, צייטנווייז זיך אַריינגעריסן צווישן האַמוין, און דער האַמוין האָט זיך דעמאָלט געוואָרפֿן אן אַ זייט. ס'האָבן זיך געהערט פֿאַרשיידענע אויסרופֿן: „טראָג זיך אָפּ אַפֿן טראָטואַר!” און ד. גל. מיר זיינען שווייגנדיק צוגעגאַנגען אין צוויי שערענגעס איבער ביידע טראָטואַרן. אַזוי ווי מ'האָט אונדז נאָר דערזען, איז די גאַנצע אופמערקזאַמקייט קאָנצענטרירט געוואָרן אַף אונדז. די קאַזאַקן האבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ שערענגע, די פּאָליציי האָט מיט בלויזע שווערדן זיך אַ וואָרף געטאָן אַף אונדז. אין שטילשווייגן זיינען מיר געגאַנגען פֿאָרויס.

דער מעהאַלעך איז געוואָרן קלענער. אָט האָט שוין דער שווערד פֿון ערשטן גאָראָדאָוואַי אַ פֿאָכע געטאָן איבערן קאָפּ פֿונם פֿאָדערשטן דראָזשקע. איך האָב שוין צוגעטראָגן צו די ליפּן די סירענע — דעם קאָמפּסיגנאַל צו געבן, נאָר אין דער מינוט האָבן די קאַזאַקן אַ קירעווע געטאָן די פֿערד און פֿייל פֿון בויגן זיך אָפּגעטראָגן פֿון אונדז, די פּאָליציי נאָך זיי. דאָס שלאַכטפֿעלד איז געבליבן פֿאַר אונדז אָן איין שאָס.

די כאַוויירים האָבן אָנגעהויבן רויִק אַריינצוגיין אין מוזיי אַריין אָפּן מיטינג, מיר זיינען אויך אַהין אַריינגעגאַנגען. מע האָט אונדז אָפּגעגעבן אַ באַזונדער צימער, וווּ מיר האָבן זיך גענומען צו אונדזערע מוטשירגעניטונגען קעדיי קיין צייט ניט פֿאַרלירן.

* * *

די רעוואָלוציע האָט זיך דערווייל פֿאַנאַנדערגעשפּרייט. פֿון אייניצלנע שטעט זיינען געגאַנגען ידיעות וועגן אייניצלנע באַוואָפֿנטע אַרויסטרעטונגען און שטרייקן, וואָס האָבן זיך אַלץ מער און מער פֿאַרברייטערט. אין מאָסקווע איז אויסגעבראָכן אַן אַלגעמיינער שטרייק, וואָס האָט פֿאַרכאַפּט אַלע זאַוואָדן און אונטערנעמונגען אין שטאָט. אומעטום זיינען פֿאָרגעקומען פֿולגעפּאַקטע פֿאַרזאַמלונגען, ס'האָבן זיך געהערט פֿייערדיקע רעדעס, די מאַסן האָבן זיך איילנדיק באַוואָפֿנט: מע האָט צעקלאַפּט געווערקלייטן, צוגענומען דאָס געווער בײַ גאָראָדאָוואָיעס און קאַזאַקן אאַז. ענדלעך, איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז אין אַ סאַך ערטער פֿון מאָסקווע האָט מען זיך גענומען בויען באַריקאַדן.

מ'האָט צוצויגן טעלעגראַפֿישע סטויפּעס און צעלייגט אויף דער ערד איבער דער גאַס. גאַנצע סקלאַדעס ברעטער און באַלקעס האָט מען אַרויסגעשלעפּט אויף סאַדאָווער גאַס און הויפֿנס האָבן פֿאַרשטעלט די גאַס. אַלץ איז געגאַנגען אין געשעפֿט אַריין: טויערן, פֿעסער, שניי, וועגן, שטובקיילים און מעבל, די פּאָליציי איז געווען הילפֿלאָז. אין די כאַיאָלעס האָט די מאַסע געצווייפֿלט, זי האָט אויף זיי ניט געקענט פֿאַרלאָזן זיך. זי האָט נאָר אָנגענומען שטרענגע מיטלען צו איזאָלירן די כאַיאָלעס פֿון דעם איינפֿלוס פֿון די מאַסן און צו אַנטוואָפֿענען זיי. אַלע קויכעס, אויף וועלכע זי האָט זיך נאָך געקענט פֿאַרלאָזן, האָט די רעגירונג צונויפֿגעצויגן אין צענטער פֿון שטאָט, דאָרטן זיינען אויף די פּלעצער און שיידוועגן אַוועקגעשטעלט געוואָרן פּיקעטן פֿון קאַזאַקן, אין די פֿאַרבאַריקאַדירטע ראַיאָנען האָבן זיי ניט געוואַגט באַווייזן זיך.

בײַ די ערשטע ידיעות וועגן די באַריקאַדעס, האָט דער מיאוסער פּאַרק זיך גענומען בויען זיינע.

אומגעוויינטלעך שאַרף מאָלט זיך אין זיקאָרן דידאָזיקע ערשטע נאַכט. די שטאָט איז געווען פֿינצטער. דער גאַזזאַוואָד האָט געשטרייקט. די טראַמוואַיסטאַנציע אויך. דער טראַמוואַישטראָם איז געווען אויסגעשלאָסן. נאָך אַ באַראַטונג בײַ מיר אין קוואַרטיר איז אונדזער קאָמפּדרוזשינע געקומען זיך פֿאַרבאַריקאַדירן אין מיאוסער פּאַרק. אָנגעהויבן האָבן מיר דערפֿון, וואָס מיר האָבן

געגומען אין אונדזערע הענט אַריין די אונטערסטאַנציע מיט אירע אַקומולאַטאָרן, צושעדיקט די טעלעפאָנען אָבער אַזוי, אַז ווען מיר אַליין וועלן דאַרפֿן, זאָלן מיר זיי טייקעף קענען לעבעדיק מאַכן און אויסנוצן. אומעטום זיינען אָוועקגעשטעלט געוואָרן שאָמרים.

מיר האָבן אַ לאז געטאָן דעם עלעקטרעשטראָם פֿון אַקומולאַטאָר, און דער פּאַרק האָט אופֿגעפלאַקערט, באַלייטנדיק די פֿינצטערגיש מיט זיינע לאַמטערנס. מע האָט געבראַכט די „הענטלעך" פֿון די וואַגאָנקאָנטראָליאָרן— און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אַרבעט. די טראַמוואַיוואַגאָנען זיינען פֿונם אַריינגאַנג אין פּאַרק אַוועקגעפֿירט געוואָרן צַף די רעזערווועגן, און די וואַגאָנען, וועלכע זיינען געבליבן פֿון דער „קאָנקע", האָט מען מיט די הענט אַרוף און אַראָפּ געקייקלט איבער לעסנאָיע גאס, קעדיי אר„פּצופֿירן זיי פֿון די רעלסן און פֿארשפּארן די גאס. ווי נאָר מיר האָבן באוויזן דאָס אָפּצוטאָן, האָבן אונדז באשאָסן די קאזאקן פֿון בוטירקער טורמע און די פּאָליציי פֿון טווערסקער פּאָליציירײאָן. אָבער געשאָסן געוואָרן איז אזוי „גוט", אז מיר זיינען צוריקגעקומען אין פּארק געזונט און גאנץ און גענומען זיך פֿארפעסטיקן דעם פּארק אליין: נעבן די טויערן פֿון פּארק האָבן מיר אויסגעבויט א באסטיאָן—ארויסגערוקט א טראַמוואיוואגאָן און ארומגעלייגט אים פֿון אינעווייניק מיט גראָבע שטאָלענע און אייזערנע בלעכן.

צו אינדערפֿרי צו זיינען שוין די באריקאדעס געווען פּאַרטיק, דער פּלאן אויסגעארבעט, און די דרוזשינע האָט אָפּטיילונגווייז פארנומען אירע פּאָזיציעס. איין אָפּטייל האָט זיך אוועקגעשטעלט נעבן די באריקאדן פֿון ויעסקאָווער געסל, קעדיי אָפּצוקלאפּן די אויסקוקער פֿונם בראנדטורעם—און דאָס איז באלד דערגרייכט געוואָרן.

צוויי אָפּטיילונגען האָבן זיך צושטעלט אף די בוידעמער פֿון פּארק און פֿון די בוידעמפֿענצטערלעך האָבן זיי געקלאפּט אין דעם ווינקעלער אף לעסנאיע, וווּ ס'האָט זיך קאָנצענטרירט פּאָליציי. איין אָפּטיילונג האָט געהאלטן וואך איבער מיאוסער פּלאץ און א צווייטער אָפּטייל האָט פֿארנומען דעם באסטיאָן פֿון שטאָלענעם בלעך.

די קאזאקן אין בוטינקע האָבן זיך אָנגענומען מיט מוט און פֿאַרנעמענדיק די פּאָדערשטע וואגאָנעס, וועלכע מיר האָבן פֿאַרלאזט, אופֿגעעפֿנט א שיסעריי אף אונדז, דערביי זיינען זיי געווען אזוי פרעך, אז זיי האָבן זיך אוועקגעשטעלט לעבן די וואַגאָנעס, פֿון אונדזער זייט או„ג כן שאל פֿון א הארנדל, גענומען שיסן. אונדזער ערשטער קנאל האָט אוועקגעלייגט פֿון זיי א שטיק 12; זיי האָבן געמאכט פּלייטע און מער שוין ניט איבערגעכאזערט זייער כוצפּע, באַנוגנדיק זיך מיט שיסעריי פֿון די באַהעלטענישן.

קודינאָווס באריקאַדע האָט מען באַשאָסן פֿון דעם בראַנדטורעם אף סעלעזנעווס גאַס, נאָר די דרוזשיניקעס, טרעפלעך אָנצילנדיק אף אַ ווייטן מעהאַלעך—האָבן גיך זיי אָפּגעווייכט דערפֿון, און דער טורעם איז געבליבן ליידיק.

דער פּאָליציייראַיאָן האָט אויך באַלד אופגעהערט שיסן, און די פּאָליציי האָט זיך פון דאָרט פאַרנומען אין ווייִנקעלער, וועלכער איז געווען מיט זיינע ווענט, ווי אַ נאַטירלעכע פעסטונג.

צוויי וואָכן איז געגאַנגען אַ שלאַכט צווישן אונדז און צוויי פּונקטן: בו־טירקער טורמע און דעם ווייִנקעלער.

אונדזער דרוזשינע איז באַדייטנדיק פאַרגרעסערט געוואָרן דער הויפּטאָפּ־טייל פון 48 מאַן איז באַשטאַנען אויסשליסלעך פון ארבעטער, קאנדוקטאָרן און וואגאנפירער פון מיאוסער פּאַרק און 8 ארבעטער פון דער „שטאטדרוקעריי״. איצט האָט זיך מיט אונדז פאַרייניקט דער אָפּטייל פון זאוואד „גאַבאַי״ 35 מאַן, באַוואָפנט מיט נאַגאַנען; פון דעו וואסערלייטונג איז געקומען צו אונז כ׳ קודי־נאָוו. געקומען כ׳ קראַסניקאָוו מיט זיין ביקס. ביכלאל — האָט זיך אויסגעפאָרמירט אַ דרוזשינע פון 90 מאַן.

ווען מיר וואָלטן באַדאַרפט האָבן איבערבינדונגמיטלען, וואָלטן מיר אויס־גענוצט דעם אופנעמצימער פון מיאוסער פּאַרק, נאָר ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר דאַרפן עס ניט, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס פּאָר צוויי וואָכן שלאַכט האָבן מיר אוועקגעלייגט ניט ווייניק לייט, — איז פון אונדז קיינער ניט געווען פאַרוווּנ־דעט. דאָס דערקלערט זיך, אַכוץ אלעמען, דערמיט. וואָס מיר האָבן קונציק געפירט די מילכאָמע, זייער טרעפלעך געשאסן, האַלטנדיק דעם קעגנער אַף א בעקאָוועדיקן מעהאלעך פון אונדז. יעדער כוצפּעדיקער אָנפאַל פון זיין זייט איז האַרט באַשטראָפט געוואָרן — און ער האָט געמוזט דערעכערעך קריגן פאַר אונד־זער געווער.

אין די אָוונטן פלעגן מיר אָפּטיילונגענווייז גיין אַף רעקאגנאסטיראווקע אין יעדער זייט אריין. די שטאָט האָט פאָרגעשטעלט אַן אינטערעסאנט בילד: אומעטום — באַריקאַדן. נעבן אייניקע פון זיי — גרופּן דרוזשיניקעס, מיינסטנס, נעבן פּאָליציייראַיאָנען און אַנדערע מיטלפּונקטן פון די איבערגעבליבענע מע־שאָרסים פון צאַריזם. אזוי צ. ב. האָט אַ סאָלידע באַריקאַדע פאַרשפּאַרט קליינ־בראָנער גאַס פון טווערער בולוואר. דאָרט איז געשטאַנען א גרופּע פּוילישע דרוזשיניקעס און מיט שיסעריי אָפּגעהאלטן די קאָזאקן, וועלכע זיינען געשטא־נען בא ניקיטסקער טויערן, נעבן דעם פּאָליציייראַיאָן אַף קליין ניקיטסקע. די דרוזשיניקעס זיינען באוואפנט געווען דערהויפט מיט מויזערן. קיין ביקסן איז ניט געווען.

מיר האָבן געוווּסט. אז אַף דער פּרעסניע האָט זיך פאַרבאַריקאַדירט אַ שטאַרקע דרוזשינע ארבעטער פון שמידס און פּראכאראווער פאַבריקן, נאָר זיין דאָרט איז אונדז ניט אויסגעקומען.

די טווער גאס איז שוואך פאַרבאַריקאַדירט געווען,

אין אָרוזשיינער געסל זיינען געווען שטאַרקע באַריקאַדעס, פון זיינע ביידע עקן האָט מען באשאָסן דעם פּאָליצייצירקל, וואָס געפינט זיך אין דער מיט ייִנער, דער צירקל האָט ענערגיש געענטפערט אפן פייער פון דער באַריקאַדע־

די גאַנצע סאווער גאַס, פון קודרינער פּלאַץ ביז סוכארעווער טורעם, האט מיט זיך פאָרגעשטעלט קימאט איין באַריקאַדעאויסגאַס, נאָר דידאָזיקע באַריקאַדעס זיינען פאַרשטייט זיך ליידיק געווען, בלויז אין שפּיץ פון דער אומענ־דלעכער ריי באַריקאַדן מיט די איבערגענג און דורכגענג, האָט געוואַרט א גרופּע דרוזשיניקעס, באַשיסנדיק דעם קודרינער פּלאַץ.

די דאלגארוקאווער גאַס און די קליינע דמיטראָווקע זיינען געווען פאַר־באַריקאַדירט; נאָר קיין דרוזשינעס זיינען אַף די באַריקאַדעס ניט געווען, זיי האָבן נאָר פאַרצאַמט דעם וועג.

אַלע גוט באַוואַפנטע און אלע קאַמפּדאָרשטיקע האָבן זיך קאָנצענטרירט אַף דער פּרעסניע, אין מיאוסער פאַרק און אין ראיאָן פון בראַנע.

* * *

טכילעס אופשטאַנד האָט מען שטאַרק געהאָפט אף אן אופשטאנד אין פּעטראָ־גראַד. ס'זיינען ארומגעגאַנגען קלאַנגען, אז דאָרט איז שוין אַלץ גרייט און אז אפן רוף פון מאָסקווע וועט מען זיך דאָרטן טייקעף אָנרופן. נאָר דערנאָך האָבן אָנגעהויבן אָנקומען גאָר אַנדערע קלאנגען: אז אף פּעטראָגראַד איז ניטאָ וואָס צו ריכטן זיך, אז מאָסקווע איז פאַרבליבן איזאָלירט, אז ווייטער וועט דער באַ־וואָפנטער אופשטאַנד ניט צושפּרייטן זיך. אָט די קלאַנגען האָבן דריקנדיק גע־ווירקט אַף די דרוזשיניקעס. ס'איז אויסגעקומען אופמונטערן זיי אַף ווייטער־דיקן קאַמף. מיר האָבן ווייטער טאָגבאַטאָג געשאָסן פון אונדזער באַוואָפנטן אינדזל אַרויס. קיין מעגלעכקייט איבערצוגיין אין אָנגריף האָבן מיר ניט געהאַט. די פּאָליצייצירקלען זיינען געווען פּונקט אַזעלכע פעסטונגלעך, ווי אונדזער מיאוסער פאַרק, און ניט מיר אַף זיי, נייט זיי אַף אונדז האָבן געקאָנט אָנ־גרייפן. פולווער און קוילן האָבן מיר געהאַט גענוג. די אויסגענוצטע קוילן האָבן מיר ווידער איבערגעלאדן. פּיסטאָנען איז אָנגעגרייט געוואָרן זייער אַסאַך, באַשיצן זיך וואָלטן מיר געקאָנט אַ לאַנגע צייט.

נאָך דעם שטייפן קניפ האָט צוהאַקט דער סעמיאָנאָווער פּאָלק, וואָס איז געקומען צופאָרן קיין מאָסקווע מיט אַרטילעריע אונטער דער אָנפירונג פון רימאַן און מין. אַן אָפּטיילונג האָט פון ניקאָלאַיעווער וואקזאַל דורכגעשלאָגן זיך צום צענטער פון שטאָט און פון דאָרטן דורך ניקיטסקע געצומען מיט אַר־טילעריע צושמעטערן די באַריקאַדעס פון בראַנער, סאַדאָווער און אַנדערע. פון דער צווייטער זייט האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן פון זאָקאָלאַגישן גאָרטן צו דער פּרעסניע און געצומען שמעטערן פונם גאָענטן בערגל. די באַריקאַדעס פון סאָ־דאָווע האָט מען טכילעס באַשאָסן פון אַרטילעריע, דערנאָך האָט מען זיי אָנ־געצונדן, זיי זיינען דאָסראָוו געווען פון ברעטער. אַזוי אַרום זיינען די סעמ־יאָנאָווצעס דערגאנגען ביזן צוניפקום פון סאָדאָווע און טווערסקע, דאָרטן האָבן זיי פאַרניכטעט די באַריקאַדעס פון אָרוזשיינעם געסל, דערשלאָגן זיך צום צירקל אין אָט דעם געסל, און פון דאָרט, צוברעכנדיק די פּלייטן, אַרוף אַפן

מיאוסער פלאַץ, אַוועקגעשטעלט אַף אים אַרטילעריע און גענומען שמעטערן דעם מיאוסער פּאַרק מיט אַלע אַרומיקע געביידעס, וואָס האָבן אויסגעזען פֿאַרדעכטיק.

אַז מיר זיינען אינדערפֿרי פֿון פֿאַרשיידענע זייטן צוגעקומען צום מיאוסער פּאַרק, זיינען אומעטום אַרום און אַרום געשטאַנען באַוואָפֿנטע טיילן סעמיאָנאָווצעס.

אַ היפּשער טייל פֿון דער דרוזשינע האָט זיך דורך קרומע וועגן דערשלאָגן צו מיין קוואַרטיר און מיר האָבן זיך דאָרט אַן אייצע געהאַלטן, וואָס ווייטער צו טאָן. ס׳האָבן אומעטום געהילכט קאַנאָנעס, זיי האָבן געבאַלעבאַטעוועט אויך איבער דער פּרעסניע. אַז דאָס קליינע ביסל דרוזשיניקעס זאָל זיך ווייטער שלאָגן, האָט קיין שום זין ניט געהאַט. מיר זיינען אַף זיכער געווען, אַז די מאַכט איז אַ צייטווייליקע, אַז דער דעקאַברישער באַוואָפֿנטער אופֿשטאַנד איז ניט מער ווי אַ פּאָליטישער, איז ניט מער ווי מאַנעווערן פֿון אַ רעוואָלוציע, אַז די נאָענטסטע אַרבעט וועט באַשטיין אין צוגרייטן אידעיש און טעכניש דעם קומענדיקן אופֿשטאַנד. מיר האָבן באַשלאָסן אונטערגעבן זיך. נאָר פֿאַרהיטן דאָס געווער, פֿאַרהיטן אונדזער אָרגאַניזאַציע און גרייטן זיך צום צווייטן אופֿשטאַנד.

אַ מעשונעדיק און מוירעדיק בילד האָט אין יענער נאַכט פֿאָרגעשטעלט מיט זיך די שטאָט: טויטע שטילקייט, קיין איין לעבעדיקער מענטש אַף די גאַסן, שטאָק פֿינצטער, דיזעלבע גאַסן, אַף וועלכע ס׳האָט זיך נאָך נעכטן געלאָזט הערן: „כאַוועך! כאַווייריםּ!״ די גאַסן, וואָס האָבן זיך אינגאַנצן געפֿונען אין אונדזער רעשוס, אַף וועלכע מע האָט געקאָנט פֿריי אַרומגיין פֿון באַריקאַדע צו באַריקאַדע—זיינען איצט לאַבסאָלוטן אויסגעליידיקט געוואָרן. דאָס פֿעלן פֿון שיין, וואָס אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַלגעמיינעם שטרייק איז עס געווען אַזוי פֿאַרשטענדלעך און געזעצלעך, האָט איצט אַף די כאָרעווע באַריקאַדעס און הוילע גאַסן געמאַכט גאָר אַ נייעם, אַ מוירעדיקן איינדרוק, דער בירגער איז אין שרעק געזעסן אין זיין ווינקל, און די מאַכט, וואָס איז נאָך ניט געווען זיכער אין איר ניצאָכן, האָט ניט געוואַגט אַריינדרינגען אין די אָט ערשט איימעדיקע גאַסן. די נאַכט איז געווען אַ נאַכט פֿון צווישנמאַכט, פֿול מיט עפּעס אַ נאָגנדיקן אַרויסקוק.

דערנאָך האָט מען גענומען צורעכענען זיך, ווילד, כאַיעש געניקעמט זיך אין יעדן איינעם, וואָס מ׳האָט אין וועג געטראָפֿן. אומעטום אַף אַלע שיידוועגן האָט מען צושטעלט פּיקעטן און באַוואָפֿנטע גאָראָדאָוואָיעס, קאָזאַקן און סעמיאָנאָווצעס. ס׳האָבן זיך באַוויזן די שפּיקעס, ס׳האָבן זיך אָן אויפֿהער אָט דאָ, אָט דאָרט געהילכט שאָסן, די שיקערע, פּאַכדאָנישע, נידערטרעכטיקע פּיקעטן האָבן זיך פֿריילעך געמאַכט און געמונטערט זיך. זיי האָבן אָפּגעשטעלט יעדן דורכגייער, מיטן אויפֿרוף: „הענט אַרויף!״ און געווענדעט אַף אים די ביקס. זיי האָבן אים אַרומגעזוכט, באַטאַפּט, געזידלט, געשלאָגן און גענומען זיך צו פֿרישע דורכגייער. באַ מינדסטן כשאַד האָט מען געשלעפּט צום טייך מאָסקווע

און דאָרט געשאָסן. אָפט פֿלעגט מען האַרגענען אַף דעמזעלביקן אָרט, אַף וועלכן מ׳האָט געפּאַקט.

ס׳איז אָנגעקומען די צייט פֿון די שטראָפֿאָפּטיילונגען. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן שוידערלעכע ווילדקייטן איבערן גאַנצן לאַנד,—אומעטום, ווו ס׳איז נאָר געווען באַוואָפֿנטע אַרויסטריטן אין מעשעך פֿון 1905. אומעטום, ווו ס׳זיינען פֿאַר דעם יאָר פֿאָרגעקומען שטרייקן.

אויב אין 1917 איז דער צאַריזם מיט אַזאַ גרינגקייט, מיט אַזאַ שנעלקייט אַראָפּגעשליידערט געוואָרן, איז עס, פֿאַרשטייט זיך, דערהויפּט, אַ דאַנק די מאַיסים פֿון די שטראָפֿאָפּטיילן אין 1906 יאָר; די מאַיסים האָט מען ניט פֿאַרגעסן, מע האָט זיי ניט געקענט פֿאַרגעסן.

ס׳איז אונדז דעמאָלט, פֿאַרשטייט זיך, אַלע אויסגעקומען ווערן אומלעגאַל. איך האָב געדאַרפֿט אַף אַ קורציקן אויפֿן פֿאַרמאַסקירן זיך, קעדיי מע זאָל מיר ניט דערקענען אַף דער גאַס: מע האָט מיך אין מאָסקווע געשמאַק אַרומגעזוכט. קעדיי אויספּרוון, צי בין איך גענוג פֿאַרמאַסקירט, בין איך אַריינגעקומען צום פֿאָטער אין הויז מיטאָגצייט. געעפֿנט האָט מיר די שוועסטער. איך האָב זי געפֿרעגט, צי איז מיכאַיל פעטראָוויטש (ד. ה. איך אַליין) אינדערהיים. זי האָט געענטפֿערט „ניין” און איז געווען זייער צוטראָגן; זי האָט געוווּסט, אַז מע זוכט מיך. זי האָט מיך גענומען אויספֿרעגן, אַף וואָס דאַרף איך עס מיכאַיל פעטראָוויטשן; איך האָב איר דערקלערט, אַז איך בין זיינער אַ כאַווער, אָנגערופֿן אַ פֿאַלשע פֿאַמיליע און געפֿרעגט, צי מעג מען צוואַרטן, זי האָט מיך אַריינגעפֿירט אין עסצימער. דאָרטן האָבן מיר אַ מינוט צען געשמועסט אונטער די בליקן פֿון אַלע מיינע שטוביקע. סאָפֿקאָלסאָף האָב איך ניט אויסגעהאַלטן און זיך צולאַכט. זי איז פֿאַרשטוינט געבליבן: „מישקע, ס׳איז דאָך דו!”

נאָך אַזאַ פּרווו האָב איך זיך דרייסט געלאָזט אין שטאָט אַריין.

# וואס לערנט אונדז מאסקווער אופשטאנד

(פון לענינס ארטיקל אין „פראלעטארי״ נומ. 2, אווגוסט 1906).

דער שטרייק איז אריבערגעוואקסן אין אן אופשטאנד, קוידעמקאל, אונ-טערן דראנג פון די אביעקטיווע באדינגונגען, וועלכע האבן זיך געשאפן נאך אקטיאבער. דער אלגעמיינער שטרייק האט שוין ניט געקאנט טרעפן די רעגי-רונג אזוי ניט צוגעגרייט, ווי פריער. זי האט שוין ארגאניזירט די קאנטר-רעוואלוציע, און זי געמאכט גרייט צו מיליטער־אפעראציעס. דער אלגעמיינער גאנג פון דער רוסישער רעוואלוציע נאך אקטיאבער, ווי אויך דער גאנג פון די געשעענישן אין מאסקווע אין די דעקאבערטעג האבן אמבעסטן באשטעטיקט איינע פון מארקס טיפע הזאנאכעס, אז „די רעוואלוציע אנטוויקלט זיך אלץ ווייטער דערמיט, וואס זי באשאפט א פאראייניקטע און שטארקע קאנטררעווא-לוציע, ד. ה. זי צווינגט דעם סוינע אנצוווענדן די אויסערסט-עקסטע פארטיידי-קונגמיטלען, און אף אזא אופן איז זי אליין אויך געצוווגען אנצוווענדן די אמערסטן מעכטיקע אנגריפמיטלען״...

פונם שטרייק און פון דעמאנסטראציעס — צו איינצלנע באריקאדן, פון איינצלנע באריקאדן — צו מאסנבויונג פון באריקאדן און צום גאסנקאמף מיט מיליטער, איבערן קאפ פון די ארגאניזאציעס איז דער פראלעטארישער מאסנ-קאמף אריבער פונם שטרייק צום אופשטאנד. דערין ליגט דער גרעסטער היס-טארישער אופטו פון דער רוסישער רעוואלוציע, וואס אנטפלעקט זיך אין דעקאבער 1905. דערדאזיקער אופטו האט, ווי אלע פריערדיקע אופטוען, געקאסט גרויסע קאר-באנעס. פונם אלגעמיינעם שטרייק האט די באוועגונג זיך אופגעהויבן אף א גרע-סערן שטאפל. זי האט געצוווגען די רעאקציע צו דערפירן איר ווידער-שטאנד ביזן סאף, דערמיט גופע האט זי מעמיילע אין א גוואלדיק גרויסער מאס דערנענטערט דעם מאמענט, ווען אויך די רעוואלוציע וועט מוזן דערגיין ביזן סאף באם אנווענדן אירע אנגריפמיטלען. די רעאקציע האט ניט וווהין צו גיין ווייטער פון ארטילעריעשיסעריי אף באריקאדן, אף הייזער און אפן גאסנ-המוין. די רעוואלוציע האט וווהין צו גיין אין דער ברייט און אין דער טיף. פון נאך דעקאבער אן איז די רעוואלוציע אוועק ווייט פאראויס. די באזע פונם רעוואלוציאנערן קריזיס איז געווארן אן ערעך ברייטער. מ'דארף דעריבער איצט אנשלייפן וואס שארפער דאס געווער.

דער דעקאבראופֿשטאנד האט באשטעטיקט נאָך איין טיפֿע מארקסיסטישע האנאָכע, אין וועלכע די אפארטוניסטן האָבן פֿארגעסן, אז אן אופשטאנד איז קונסט און אז דער הויפטקלאַל פון דעדאזיקער קונסט איז — אז דער אנגריף זאָל זיין א פֿארצווייפלט דרייסטער און קאטעגאריש אנטשיידענער. ניט גענוג האבן מיר זיך איינגעכאזערט דעמדאזיקן עמעס. מיר האבן ניט אליין גענוג געלערנט און ווייניק געלערנט די מאסן דורכצודרינגען זיך מיט דעדאזיקער קונסט, מיטן קלאל, אז מ׳דארף ניט אנדערש, ווי אנגרייפן. מיר דארפן איצט אניאגן מיט דער גאנצער ענערגיע דאס דורכגעלאזטע... ווער ס׳איז קעגן א באוואפֿנטן אופשטאנד, ווער ס׳רייסט זיך ניט צום באוואפֿנטן אופשטאנד, יענעם דארף מען אומבעראכמאנעסדיק אויסשליסן פֿון צעטל רעוואלוציע־אנהענגער. מ׳דארף אים אריבערווארפֿן צו די קעגנער פֿון רעוואלוציע, צו די פֿארעטער אדער פאכדאנים, ס׳קומט אלץ נעענטער דער טאָג, ווען די געשעענישן, די גאנצע סוויווע פֿון קאמף וועלן אונדז צווינגען אפצוטיילן סאנים פֿון פֿריינט לויטן דאזיקן סימען. מיר טארן ניט פֿריידיקן קיין פאסיווקייט, קיין פאשעטן „אויסווארטן“ ביזן מאמענט, ווען דאס מיליטער וועט איבערגיין. — ניין מיר דארפֿן קלינגען אין אלע גלעקער, אז ס׳איז נויטיק צו מאכן א דרייסטן אנגריף, אז ס׳איז נויטיק אנפֿאלן מיט געווער אין האנט, און אז ס׳איז דערביי נויטיק אויסצוראטן די שעפֿן און פֿירן אן ענערגישן קאמף פֿארן וואקלענדיקן מיליטער.

לאָמיר געדענקען, אַז ס׳דערנענטערט זיך דער גרויסער מאַסנקאַמף. דאָס וועט זיין אַ באַוואָפֿנטער אופֿשטאַנד. די מאַסן דאַרפֿן וויסן, אַז זיי גייען אַף אַ באוואָפֿנטן, בלוטיקן, פֿאַרצווייפֿלטן קאַמף. מ׳דאַרף אין די מאַסן איינפלאַנצן פֿאַראַכטונג צום טויט. דאָס וועט פֿאַרזיכערן דעם ניצאָכן. דער אָנגריף אַפֿן סוינע דאַרף זיין וואָס ענערגישער. ניט פֿאַרטיידיקונג, נאָר אָנגריף דאַרף ווערן דער לאָזונג פֿון די מאַסן. זייער אויפֿגאַבע וועט זיין — אומבעראַכמאַנעסדיק צו פֿאַרניכטן דעם סוינע. די אָרגאַניזאַציע פֿונם קאַמף וועט דערביי דאַרפֿן זיין אַ באַוועגלעכע און בויגעוודיקע. די וואַקלענדיקע עלעמענטן פֿונם מיליטער וועלן אַריינגעצויגן ווערן אינם אַקטיוון קאַמף. די פּאַרטיי פֿונם באַ־וווסטזיניקן פראָלעטאַריעט דאַרף אויספילן איר כויוו אינם דאָזיקן גרויסן קאַמף.

# די שטראפעקספעדיציע אין קרעסלאווקע.

(פון דער בונדישער „פאָלקסצייטונג" נומ. 61 פון 1906-טן יאָר).

די שטראָפעקספעדיציע איז נאָך ניט אַוועק און וואַרפט נאָך אירע שרעקן אַף דער באַפעלקערונג.

געקומען איז די עקספעדיציע אומפאַרהאָפט, קיינער האָט ניט געקאָנט רעכענען, אַז זי וועט קומען, ווייל אין שטאָט איז אין אַ מעשעך פון 2 כאַדאָשים געווען גאַנץ רויק...

באַפאַלן איז מען כורינס פאַבריק פלוצלונג. די אַרבעטער האָט מען שלאָגנדיק אַרויסגעטריבן פון די שטיבלעך, ווו זיי אַרבעטן. אַפן הויף פון פאַבריק זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט צוויי רייען דראַגונער, און די אַרבע-טער האָבן געמוזט גיין אינמיטן צווישן די דראַגונער, וועלכע האָבן מיט אַ וויל-דער אַכזאָריעס געשמיסן מיט זייערע נאַהייקעס, ווו זיי האָבן נאָר געטראָפן. שוין צובלוטיקטע האָט מען די אַרבעטער געבראַכט אין שפייזצימער פון כורינס הויז. דאָרטן האָט מען צוטיילט די אַרבעטער אַף צוויי גרופעס: גרעסערע רעוואָלוציאָנערן און קלענערע. און עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ שרעק-לעכע האַריגע. דער פריסטאַוו האָט פאָרגעלייענט פון אַ צעטל די נעמען און דער אָפיצער מיט די דראַגונער האָבן געשלאָגן מיט די נאַהייקעס און מיט די פריקלאַדן, ניט איבערקלייבנדיק פון קינדער ביז דערוואַקסענע מענטשן.

דער אָפיצער אַליין האָט גענומען שלאָגן אַ קליינעם יינגל, ער זאָל אים אויסזאָגן, ווו עס ליגט באַהאַלטן די באָמבעס. דער יינגל פאַרשטייט קיין רוסיש ניט און אנשטאָט צו זאָגן „איך וויס נישט", האָט ער געזאָגט „איך וויס". גלייך האָט מען דאָס יינגל אַוועקגעלייגט אַף דער ערד, צוויי סאָלדאַטן האָבן זיך געזעצט אַף די פיס, צוויי אַפן קאָפ און מע האָט אָנגעהויבן שמייסן, ביז דאָס לייב פונם יינגל איז געוואָרן אין ווונדן. איין יינגל האָט געענטפערט, אַז ער פאַרשטייט קיין רוסיש ניט. „רוסיש ברויט עסטו, און ריידן רוסיש פאַר-שטייסטו ניט. אָט וועסטו וויסן, ווי ניט צו פאַרשטיין", — האָט דער אָפיצער געזאָגט, בייס מע האָט דאָס יינגל געשלאָגן...

די עקזעקוציע האָט געדויערט פון 10 אַזייגער אינדערפרי ביז 4 אַזייגער פאַרנאַכט. דאָס גאַנצע כורינס הויז איז געווען פאַרגאָסן מיט בלוט. די גע-שרייען, די קוילעס פון די געשלאָגענע אַרבעטער זיינען געווען אַזוי שרעק-לעך, אַז שטיינער האָבן געקאָנט פלאַצן...

אַז די עקספּעדיציע האָט געענדיקט איר אַרבעט אַפֿן פֿאַבריק, האָט זי זיך גענומען צו דער שטאָט. מע האָט קיין איינציקן מענטשן ניט דורכגעלאָזן אין גאַס, וועלכן מע האָט ניט געשלאָגן ...

דעם 23 פֿעוראַל האָט דער אָפֿיצער צונויפֿגערופֿן די קריסטלעכע באַפֿעלקערונג און געפֿאָדערט, אַז אַלע זאָלן שווערן, דאָס, ווען ס׳וועט קומען אַן אַגיטאַטאָר אַ רעוואָלוציאָנער, זאָלן זיי אים גלייך אַרעסטירן און איבערגעבן דער פֿאָליציי, זיי זאָלן אויך אלעמאל אנזאגן דער פאליציי, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן פון וועלכע ס׳איז פֿאַרזאַמלונג. אויב זיי וועלן ניט שווערן—האָט דער אָפֿיצער געזאָגט—וועט ער באָמבאַרדירן די שטאָט. די קריסטן האָבן געשוואָרן. פֿאַר זיין אַוועקגיין האָט דער אָפֿיצער אָנגעזאָגט די קריסטן, אַז זיי זאָלן קיין פֿאַרקער ניט האָבן מיט די „זשידעס“ און ניט מאַכן מיט זיי קיין געשעפֿטן.

אַז ער איז מיט דער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג פֿאַרטיק געוואָרן, האָט דער אָפֿיצער צונויפֿגערופֿן די יידישע איינוואָינער. ער האָט געפֿאָדערט, אַכוץ וואָס ער האָט געפֿאָדערט באַ די קריסטן, אַז זיי זאָלן אים אַרויסגעבן די אָנפֿירער פֿון די קרעסלאַווקער רעוואָלוציאָנערן, אַפֿילע ווען זיי זיינען זייערע אייגענע קינדער...

די שטראָפֿעקספּעדיציע האָט שוין אָנגעהויבן איר „ארבעט“ אויך אין דאָרף. אין זאדאָלינער וואָלאָסט האָט מען צוויי פּויערים פֿאַרשמיסן אַף טויט. אַ סאַך ליגן אין שפּיטאָל און האַלטן באַם שטאַרבן פֿון די שמיץ, וואָס זיי האָבן באַקומען. די פּויערים ווערן באַשטראָפֿט, ווייל זיי האָבן צו דער צייט ניט געצאָלט קיין שטייער. אַ קריסטלעכע פרוי, אַף וועלכער מע האָט אָנגעוויזן, אַז זי איז אַן אַגיטאַטאָרישע, האָט מען אויסגעטאָן גאַנץ נאַקעט און מע האָט זי אַזוי לאַנג געשמיסן, ביז זי האָט אופֿגעהערט צו שרייען...

ראַיטש.

# אין ווייסרוסישן דאָרף.

## די עקזעקוציע.

עס האָט זיך דערנעענטערט דער אָוונט. איינגעמאַטערטע, האָב איך מיט וואַסילן קאַם געשלעפּט די נאַסע נעצן און טאָרבעס מיט פיש, וואָס מיר האָבן נאָר וואָס אָנגעכאַפּט. ביזן דאָרף איז שוין געווען ניט ווייט, נאָר עס איז געווען אַזוי שווער צו גיין, אַז מיר האָבן זיך עטלעכע מאָל צוגעזעצט אָפּרוען.

אופשטייענדיק נאָך איינעם אַזאַ אָפּרו, האָט וואַסיל מיט אַ מאָל אויסגעשריען:

— זע, לעבן זשוקאָוון הויבט זיך עפּעס, ווי אַ כמאַרע, אוף.

איך האָב זיך איינגעקוקט.

— ניין, עס איז ניט קיין כמאַרע, נאָר אַ זייל שטויב. ווי די טשערעדע וואָלט געגאַנגען.

— נאָך אַ ביסל צו פרי צו טרייבן די פי אַ היים,—האָט וואַסיל געזאָגט באַטראַכטנדיק.

פאַרינטערעסירטע מיט דעם, זיינען מיר אַוועק צום דאָרף. די כמאַרע האָט זיך אַלץ דערנעענטערט צו אונדז. דורך איר האָבן מיר דערזען מענטשן אין ווייסע העמדלעך, רייטנדיק אַף פערד.

— סאָלדאַטן!—האָט אויסגעשריען וואַסיל, און מיר, וואָס האָבן קיינמאָל ניט געזען אַזאַ וואונדער, האָבן זיך מיט אַלע קויכעס אַוועקגעטראָגן פאָרויס.

נאָר ווי גיך מיר זיינען ניט געלאָפן, האָבן מיר ניט באַוויזן צו זען דעם עק פון דער לאַנגער רייע, וועלכע איז שוין אַריין אין דאָרף און זיך אופגעהויבן באַרג אַ רוף, אַף אַ צווייטער גאַס.

אָן אַן אָטעם בין איך אריינגעלאָפן אין שטוב, אַראָפּגעשליידערט לעבן פירהויז די נעץ און די טאָרבע מיט די פיש, שיר ניט אַ נידער געוואָרפן די שוועסטער:

— טאַטע, סט׳געזען די סאָלדאַטן?

— ניין, נאָר איך ווייס,—האָט ער קורץ געענטפערט.

— ווו זיינען... אונדזערע?

— ווערסט זיך שפּעטער דערוויסן, און איצטער גיי וואָס גיכער צו אַליעסן און זאָג אים, אַז ווי נאָר עס וועט פינצטער ווערן, זאָלן זיי זיין אין וואַלד.

איך האָב פאַרשטאַנען נאָך אים, אַז די זאַך איז אַ וויכטיקע און אַ דרינ־גענדע. גיך אראָפּגעוואָרפן די פייכטע קליידער און אַרופגעכאַפּט אַף זיך טרו־קענע, בין איך זיך רויק, ווי דער טאַטע האָט מיר פאַרזאָגט, אַוועק, וווהין מע האָט מיר געהייסן.

דורכגייענדיק איבערן דאָרף, האָב איך געזען, ווי פון הינטער די טויערן קוקן נייגעריק אַרויס די פויערים, און ווי נאָר אימיצער גייט דורך פאַרביי— באַהאַלט מען זיך גלייך. פון אַ צווייטער גאַס האָט זיך דערהערט אַ טומל. איך בין אַוועק אַהין. אין מיטן גאַס איז געפאָרן דער „אוריאַדניק״ מיט „סטראַזשניקעס״; ער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן יעדן שטיבל און ראַפּאָר־טירט דעם אָפּיצער, אַז „דאָ קען מען און מע מוז אַוועקשטעלן סאָלדאַטן״. דער אָפּיצער פלעגט צורופן איינעם און דעמזעלבן סאָלדאט (וואַכמייסטער) און אָנווייזן וויפל און ווו זאָל ער אַוועקשטעלן סאָלדאַטן.

נאָך זיי האָבן זיך געלאָזט הערן געשרייען:

— גאָט מיינער, טייערער! איר צופּאַטערט מיר די טוויע! טייערינקע מיינע, מע האָט איבערן גאָרטן די פערד געלאָזן. פאַרוואָס קומט עס אַף אונדז אַזאַ אָנשיקעניש?

— אַ! די שטרייקער האָבן זיך צושריען!—האָט צופרידן אַרויס געזאָגט דער „אוראַדניק״.

איך בין זיך אַוועק מיט מיין וועג און נאָר געהערט, ווי דער אָפּיצער האָט צו אימיצן אַ געשריי געטאָן:

— מיט נאַהאַיקעס דערלאַנגט, אַז מע וועט זיך קלייבן.

דעם פעטער אַליעס האָב איך אינדערהיים ניט געטראָפן, נאָר מע האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט באלד קומען.

אָפּגעוואַרט בא אַ האלב שאָ האָב איך געטראַכט שוין גיין אַהיים: עס האָט זיך געוואָלט זען, וואָס דאָרטן טוט זיך. נאָר אין שטוב איז אריין אַליעס. איך האָב געבעטן לייען אַ קאָסע, מאַכמעס אונדזערע האָט זיך, קלוימערשט, צו־בראָכן. כ׳בין מיט אים אַוועק אין שפייכלער, ווו עס זיינען געלעגן די קאָסעס. דאָ האָב איך אים אַלץ דערציילט, וואָס איך האָב געדאַרפט, גענומען אַ קאָסע, וואָס איך האָב גאָר ניט געדאַרפט, און אַוועק אַהיים.

איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר צו אונדז האָט מען די ערשטע נאַכט קיין סאָלדאַטן ניט אוועקגעשטעלט. און דאָס האָט געגעבן די מעגלעכקייט אונדזער בעוורע צו צונויפקלייבן זיך, באטראכטן די לאגע און שטילערהייט מעלדן אין דאָרף, מען זאָל זיך צונויפקלייבן די נאַכט אין אַ שטילן אָרט באַם ניעמאַן.

אַף דעם געהיימן „סכאָד״ האָט קולגאַוויטש און זיינע אָנהענגער פאַר־געלייגט אָנהויבן אַן אָפענעם קאַמף, ווי נאָר די פאָליציי, סאָלדאטן און קאזאקן (זיי זיינען געקומען באַנאַכט, צו פאַרהיטן דעם גראַפּס מאַיאָנטקעס) וועלן אָנ־הויבן באלאַבאַטעווען. נאָר מיט דעם האָבן ניט מאַסקים געווען די פּאָשעטע פויערים, צוליב דעם אליין, וואָס קעמפן מיט היילע הענט—הייסט אומזיסט

פאַטערן מענטשן. מע האָט באַשטימט האלטן זיך פעסט באם שטרייק און וואָס בעסער אָרגאַניזירן די הילף פאר די אומפארמעגלעכע. אַף יעדן פאַל האט מען פארגעלייגט אלע טויער און אָנפירער פארלאזן דעם דאָרף, נאר זיי האבן זיך קאטעגאָריש אָפגעזאגט אויסצופילן דאָס.

אַף מארגן האט זיך אנגעהויבן די עמעסע עקזעקוציע. די סאלדאטן, וואס זיינען געווען צושטעלט אין דאָרף, האבן, אַפאָנים, לויטן באפעל פון דער העכערער „נאטשאלסטווע", אנגעהויבן אלע אינדערפרי כאפן די בעסטע בע-היימעס און קוילן פאר זייער קיך. מע האָט צוגענומען פון די פעלדער די אפגעשניטענע „קאָנישינע" פאר די פערד. מע איז געגאנגען איבער די הייזער און צוגענומען אַלץ, וואס זיי האבן נאר געדארפט: אייער, כאַזער, ברויט, פלייש, מילך, קעז, א. אנד. פאר דעם אַלץ האט מען קיין קאפעקע ניט באַ-צאלט. ס'איז אַ רויבעריי און אַ גרויסער העזעק פאר די פויערים.

נאר דער שטילער גוטמוטיקער ווייסרוס האט געקענט אויסהאלטן, צו-קוקנדיק זיך, ווי מע רויבט אוועק זיין לעצטן פארמעגנס, זיין לעצטע בע-היימע.

עמעס עס זיינען געווען פאלן פון קריגערייען: צו דמיטריקן אפן פעלד זיינען געקומען צו פארן דראגונער, און פונקט דאַן, ווען ער האט אתאפגעגנו-מען די „קאָנישיניע". ניט אויסריידנדיק קיין ווארט, האבן זיי גענומען אָנלייגן אפן וואגן. איז דמיטריק צוערשט אף די קני געפאלן, געבעטן מע זאל זיין „קאָנישינע" ניט טשעפען, נאר אז זיינע טרערן האבן אַפן וואַכמייסטער ניט געווירקט, האָט ער זיך אופגעהויבן, און אַ נעם געטאן אין האנט די קאָסע:

— נו, געגעהנט—ז'עם ערשטן וועל איך די קאפ אראפשניידן!

די סאלדאטן זיינען געווען ניט באוואפנט און האבן גארניט געקענט מאכן. אינאווענט האט מען דמיטריקן ארעסטירט און ווו ער איז אַ הינגעקומען האט מען ניט געוווסט ביז דער לעצטער צייט.

אינאָוונט זיינען די דראַגונער אַרומגעפאָרן איבערן דאָרף און ווי נאָר זיי האָבן עוגעץ באַמערקט אַ רעדל, זיינען זיי אָנגעלאָפן און געשלאָגן מיט די נאַהייקעס און מיט די שיידלעך פון די שאַשקעס. ווער עס האָט זיך נאָר געפרווט אַנטקעגן שטעלן, האָט מען אים אין „וואָלאָסט" אַוועקגעשלעפט און געפרווט דאָרט מיט גוטע רייד און מיט קלעפ דערגיין, ווער זיינען די אָנ-פירער און ווו זיינען זיי. נאָר דאָס האָט צו קיינע רעזולטאַטן ניט געגעבן.

די אומבעראכמאָנעטדיקע צעראַבירונג פון דעם פויערס גוטס האָט גע-בראַכט צו אַ שלעכטן צופאַל: אין דאָרף איז געווען אַן אָרעמע אַלמאָנע מיט דריי קינדער, און האָט פאַרמאָגט איין בעהיימע. דאַרף גראַדע איר בעהיימע וואַרפן זיך אין די אויגן די דראַגונער. האָבן זיי זי געכאַפּט און אַוועקגעפירט קוילן. האָט די אַלמאָנע געמאַכט אַ גוואַלד, אַז דער גאַנצער דאָרף איז זיך צענויפגעלאָפן.

— פּאָריצל, גיב אָפּ מיין בעהיימע, גיב אָפּ!—האָט זי זיך געבעטן באַם „אוריאַדניק״. וואָס האָט זיך אַלץ אַרומגעדרייט לעבן דער „הויפּטקוואַרטיר״.

— אַוועק דו, אויסוואורף!—האָט ער געשטויסן די פרוי.

— גיב אָפּ, אַז ניט וועט דיך גאָט שטראָפן, ווי דו שטראָפסט מיינע קינדערלעך...

— אַהאַ! אָט וואָס: זאָג ווער האָט באַ אייך געקליבן איבערן דאָרף אַף צו העלפן די אָרימע, וועל איך דיר די בעהיימע אָפּגעבן.

די פרוי האָט זיך צוטומלט און האָט מיט מוירע אומגעקוקט זיך אַף הינטן צו די פויערים.

— צעטרייבט זיי!—האָט אַ געשריי געטאָן דער וואַכמייסטער.

אלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן לויפן פון די דראַגונער, וועלכע האָבן זיך אַ יאָג געטאָן.

דער אַלמאָנע האָט מען אָפּגעגעבן די בעהיימע (דאָס איז געווען אינדערפרי) און באַטאָג איז דער גאַנצער „קאָמיטעט פון בירגערלעכער פאַרזאָרגונג״ אַרע-סטירט געוואָרן און אַלץ, וואָס זיי האָבן אופגעקליבן, האָט מען צוגענומען.

דער צופאַל איז געווען דער ערשטער און אַ גאַנץ טרויעריקער. די אַרעסטירטע מיטגלידער פון קאָמיטעט האָט מען אָפּגעהאַלטן ביז באַנאַכט אין „כאָלאָדנע״ באַם וואָלאָסט און דערנאָך אַוועקגעפירט אין נאָוואָגרודאָק.

די גוט אָרגאַניזירטע הילף פאַר די אָרימע איז פאַנאַנדערגעפאַלן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ טומל צווישן די, וואָס האָבן זיך געגעוויטיקט אין פּאַרנאָ-סע. נאָר דערווייל איז מען ווי עס איז אויסגעקומען.

אין אַ וואָך אַרום, ווי די קאָזאַקן מיט די סאָלדאַטן זיינען געקומען, האָט זיך איבער דער וואָלאָסט פאַרשפרייט אַ קלאַנג, אַז דער גובערנאַטאָר קורלאָוו איז געקומען צופאָרן און לויט זיין באַפעל וועט מאָרגן זיין אַן אַלגעמיינער „סכאָד״ פון דער גאַנצער וואָלאָסט.

אין אָוונט זיינען איבער אַלע דערפער אומגעפאָרן די „רייטערסטראַזש-ניקעס״ און פאַרזאָגט יעדן באַלעבאָס. אַז מאָרגן זאָל מען אומבאַדינגט זיין אין „וואָלאָסט״ אַפן „סכאָד״. אַ גרופּע פון אונדזער כעוורע האָט באַשטימט זיין דאָרטן, ניט קוקנדיק אַף זייער געפערלעכער לאַגע.

דער גאַנצער גרויסער פלאַץ לעבן וואָלאָסט איז געווען אָנגעשטעקט מיט מענטשן, נאָר עס איז געווען אַזוי שטיל, אַז יעדער וואָרט פון „סטראַזשניק״ אָדער פון קאָזאַק, וואָס איז געשטאַנען לעבן טיר פון דער „וואָלאָסט-קוואַרטיר״, האָט זיך געהערט זייער ווייט. אַלע האָבן געשוויגן. און געוואַרט, וואָס וועט זאָגן דער „ער אַליין״.

אַ זייגער צען האָט זיך אַפן וועג פון „הויף״ באַוויזן אַ בריטשקע, אַרום וועלכער עס זיינען געפאָרן אַ מאַן 50 „סטראַזשניקעס״. און פון הינטן אַ מייע קאָזאַקן. ווען זיי זיינען צוגעפאָרן צום פלאַץ, האָבן די קאָזאַקן אים אַרומגע-רינגלט, און דער אָפיצער האָט זיי פאַרזאָגט, ניט ארויסלאָזן קיינעם פון קרייז.

ווי קורלאָוו איז נאָר צוגעפאָרן צום „וואָלאָסט״, זיינען אים אַנטקעגן געלאָפן דער „ספּראַווניק״, דער „פּריסטאַוו״, אַלע טשינאָווניקעס און פּריצים, צווישן די פּויערים—שטיל שאַ, ניט קיין וואָרט.

— גייט צו נעענטער! האָט דער „פּריסטאַוו״, ווי ער וואָלט אָפּגעגעבן אַ קאָמאַנדע, אַ געשריי געטאָן.

די קאַזאַקן האָבן עוגער געמאַכט דעם קרייז און צוגעקוועטשט דעם אוילעם צום גאַנאַק, ווו קורלאָוו איז געשטאַנען און האָט ארומגעכאַפּט מיטן אויג דעם יאָם קעפּ.

— ברידער!.. האט ער אָנגעהויבן.

— מיר זיינען דיר ניט קיין ברידער,—האט זיך דערהערט אַן אויסגע-שריי פון מיטן.

דער אוילעם האָט לייכט אַ ציטער געטאָן.

— כ׳בעט מיר ניט איבעררייסן,—האָט רויק געזאָגט קורלאָוו — צו מיר זיינען דערגאַנגען יעדיעס, אז באַ אייך טוען זיך עפּעס ניט קיין פיינע זאַכן. דאָס איז זייער שלעכט פאַר אייך אַליין...

און ווייטער האָט ער פּאָרזיכטיק און ווייך פארפירט אַ שמועס, אַז די פּויערים האבן אין אַ סאַך ערטער אָנגעהויבן שטרייקן, בונטעווען זיך קעגן די פּריצים, פאָדערן פאַר זיך זייערע ערד. דאָס קען די מאַכט ניט דערלויבן, ווייל דער, וואָס בונטעווט, גייט קעגן קייסער און געזעץ.

— דער, וואָס דערוועגט זיך אָפּנעמען פרעמדע גוטס, פרעמדע ערד, דער איז אַ רויבער,—האָט ער געזאָגט.

— איר זייט רויבער, איר האָט אָפּגענומען די ערד באַם פאָלק—האָט זיך ווייטער דערהערט אַ קלאָרע שטימע פון מיטן.

— ווער עס וויל מיט מיר ריידן, זאָל אַרויסגיין פאָרויס,—האָט פאָרגע-לייגט קורלאָוו, און אין די אויגן בא אים האָט אַ בלישטשע געטאָן.

שטיל.

ווייטער האָט קורלאָוו געזאָגט, אז אין די בונטן און שטרייקן זיינען שולדיק ניט די פּויערים, נאָר די אָנגעפאָרענע פון שטאָט „זשוליקעס״, וואָס סטאַרען זיך פאַרטומלען דאָס פאָלק און טוען אים אַן צאָרעס.

— כאָטש אייער שולד איז גרויס, נאָר מע וועט אייך אַלץ מוחל זיין, אויב איר וועט נאָר זאָגן, ווער האָט אייך אָנגעלערנט און ווער זיינען איי-ערע פירער.

— וועסט עס ניט דערהאַרן! האָט אַ געשריי געטאָן אַן אומבאַקאַנטע שטימע.

איבערן גאַנצן האַמוין האָט זיך דורכגעטראָגן אַ פאַרשטיקטער אויס-געשריי:

— ניין!

— אַך, איר אַיינגעשפּאַרטע!—האט געקלונגען קורלאָווס ציטערנדיקע שטימע,—נו, ווייס איך זיי אַליין! גיט דעם צעטל,—האָט ער זיך געווענדעט צום „פּריסטאַוו".

— אייערע כאַווערים פון „קאָמיטעט" זיינען געוואָרן ריידעוודיק אונטער שמיץ און האָבן אַרויסגעגעבן אַלע אייערע אַנפירער.

מיט קאַס האָט ער איבערגעלייענט די פאַמיליעס פון אַלע אונדזערע און געפרעגט:

— דאָ זיינען זיי?

שטיל, עס הערט זיך נאָר-אַ שווערער אָפּגעהאַקטער אָטעם, פאַרזיכטיקע בליקן.

— דאָ! האָט זיך דייטלעך דערהערט פון דער טויטער שטילקייט.

דאָס איז געווען קולגאַוויטש'ס שטימע.

דער אוילעם האָט אַ ציטער געטאָן. די האַנט מיט דער פּאַפּיר בא קור-לאָוון האָט זיך געטרייסלט.

— נעמט זיי!—האָט ער אַ געשריי געטאָן צו די „סטראַזשניקעס".

די סטראַזשניקעס האָבן זיך א לאָז געטאָן אין מיטן דעם אוילעם. דער אוילעם האָט זיך א שפּאַר געטאָן אין זייט, ווו עס זיינען געשטאַנען די קאַ-זאַקן. אלע האבן זיך צעמישט אין איין קופּע, אַז מע האָט גאָרניט געקענט פאַנאַנדערקלייבן. עס האָט זיך אופגעהויבן אַ טומל מיט אַ געלאַף, וועלכע עס איז אומעגלעך געווען אָפּצושטעלן, ניט געקוקט אף דעם, וואָס קלעפּ און שמיץ האָט מען ניט געזשאַלעוועט.

עטלעכע „סטראַזשניקעס" האבן געשלעפּט אין „וואָלאָסט" אַ פּאָר יונגע לייט, וואָס האָבן זיך געריסן און געוואָלט אַנטלויפן.

געכאַפּט און אריינגעוואָרפן זיי אין „כאָלאָדנע".

— אלעמען כאַפּן און אויספרעגן!—האָט באַפוילן קורלאָוו און זיך אויס-געדרייט צום טיר פון „וואָלאָסט".

אַ שרעקלעכער טאָג. ביז אַ זייגער פינף נאָך האַלבן טאָג האָט זיך אי-בער די דערפער ארומגעדרייט די פּאָליציי: מע האָט געזוכט, אַרעסטירט. מיין פאָטער האָט מען אַרעסטירט נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט ניט געקאָנט זאָגן, ווו איז זיין ברודער און די גאַנצע גרופּע (דער פעטער איז געווען אין צעטל).

אין שטוב, אַזוי ווי אין גאַנצן דאָרף, איז געווען פינצטער. די מאַמע האָט שטיל געוויינט, דער זיידע איז געזעסן און וועגן עפּעס טיף געטראַכט.

מיטאַמאָל האָט די פּאָליציי געוואָרפן דעם דאָרף, ווי זי וואָלט איר אַר-בעט געענדיקט. כאָטש זיי האָבן נאָך ניט אַלע הייזלעך באַזוכט. אַסאַכען איז עס אויסגעקומען וווּנדערלעך. נאָר קיינער האָט ניט געוווּסט די סיבעס, וואָס די אונטערזוכונגען האָבן זיך פלוצלונג געענדיקט, כאָטש ריידן האָט מען וועגן דעם גערעט זייער אַ סאַך.

אינאָוונט איז מיין מאַמע אַוועק אין וואָלאָסט אַוועקטראָגן דעם טאַטן וועטשערע. זי האָט זיך אומגעקערט, ווען עס איז שוין געווען גוט פֿינ-צטער.

— נו, וואָס הערט זיך דאָרטן? — האָב איך געפֿרעגט.

— באַהיט גאָט! עס קומט די אַרבעטצייט און זיי פֿירט מען מאָרגן אַוועק אין טורמע... געבונדענע, ווי עפּעס מערדער... היינט האָט מען זיי אָנ-געכאַפּט זייער אַסאַך.

— ס'איז גאָרניט, ס'איז ניט שרעקלעך, די, וואָס זיי דאַרפֿן, האָבן זיי ניט געכאַפּט. און די וועט מען האַלטן אַ ביסל אין אַ...

— וואָס הייסט ניט געכאַפּט? דער, וואָס מיט די לאַנגע האָר, איז דאָרטן און עפּעס איינער... פֿון שטאָט.

— געכאַפּט? אַלעמען?

— ניין, ניט אַלעמען, דאָס איז די צרה, וואָס ניט אַלעמען... ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער ליאַרם אַפֿן „סכאָד”, האָבן זיי זיך זאַלבעזעקסט אַרויס-געגאַנוועט פֿון מיטן פּלאַץ, באַהאַלטענערהייט איבערגעקראָכן דעם צאַם, און דורך די פּריצישע „סענאָקאָסן”, אַוועקגעלאָפֿן צום ניעמאַן, באַהאַלטן זיך אין וואַלד. זיי האָט אָבער באַמערקט דער פּריצישער שומער — ווייסט דאָך, אָט דער, וואָס האָט ניט געוואָלט וואַרפֿן דעם פּאָויצים מאַיאָנטעק בייסן שטרייק — און האָט געגעבן צו וויסן די קאָזאַקן, וואָס זיינען איינגעשטאַנען אין מאַיאָנ-טעק. זיי האָבן זיך אויף די פֿערד אַרופֿגעכאַפּט — און נאָך אונדזערע. אונדזערע האָבן דערזען, אַז מע יאָגט זיי, האָבן זיי זיך באַהאַלטן אין די קוסטעס לעבן אָזערע באַם אַלטן ניעמאַן.

די קאָזאַקן זיינען שוין גאָר נאָענט. האָט ביאַליקן און דעם צווייטן, דעם שטאָטישן, דעם דאַרן, פֿאַרכאַפּט דער אָטעם און זיי האָבן ווייטער ניט געקאָנט לויפֿן. ביאַליק איז אַנידערגעפֿאַלן אויף ד'ערד און פֿון האַלדז בא אים האָט אַ גאָס געטאָן בלוט. דער צווייטער האָט גענומען שיסן פֿון אַ רעוואָל-ווער. די קאָזאַקן זיינען אַראָפּגעקראָכן פֿון די פֿערד און ליגנדיקערהייט גענו-מען שיסן פֿון די ביקסן. דער דאַרער איז געפֿאַלן אָפּגיסנדיק זיך מיט בלוט, ער איז געשטאָרבן. די קאָזאַקן האָבן ביאַליקן געבונדן און זיך אוועקגעיאָגט נאָך די איבעריקע פֿיר, די פֿאָדערשטע צוויי קאָזאקן האָבן זיך פֿליענדיק אַראָפּ-געשליידערט אויף דער ערד — דאָס האָבן אונדזערע זיך אָפּגעשאָסן. די קאָזאַקן האָבן זיך אָפּגעשטעלט. קולגאַוויטש און דער לערער — כ'ווייס ניט פֿון וואַנען ער איז, נאָר ביאַליק האָט געזאָגט, אַז ער פֿלעגט קומען צו אונדז — האָבן זיך פּאָשעט געוואָרפֿן אין אָזערע, און ביז וואַנען די קאָזאַקן האָבן געכאַפּט יע-נעם, וואָס פֿון פֿאַבריק, און זיך צוגעגרייט צו שיסן, זיינען זיי אַריבער'געשווו-מען אַפֿן צווייטן ברעג און פֿאַרשוווּנדן צווישן די קוסטעס. און וואָס איז מיט זיי, ווו זיינען זיי איצטער — ווייס איין גאָט.

— ווער זשע, מאַמע, האָט עס דיר אַלץ דערציילט?

— דער טאַטע, און אים — ביאַליק.
איז אָט פאַרוואָס מע האָט אַזוי גיך געוואָרפן די אונטערזוכונגען אין דאָרף.
אַף מאָרגן האָט זיך אַ גאַנצע מאַכנע פון אונדזערע פויערים, מיט די הענט געבונדן אהינטער, אַרומגערינגלט מיט „סטראַזשניקעס”, געצויגן זיך אומעטיק מיטן ברייטן וועג, קיין נאָוואָגרודאָק.

## די פליגלען לאָזן זיך אַראָפּ.

נאָכדעם, ווי מע האָט פאַרגאַנדערגעטריבן אונדזער אַקטיוון קרייז, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג בא אונדז און אין די שכיינעסדיקע דערפער, און מע האָט אַרעסטירט אַלע מער אָדער ווייניקער באַוווסטזיניקע פויערים, האָט זיך גיך גענומען אויסלעשן די האָפענונג אַף עפּעס בעסערס. עס איז ניט געווען ווער עס זאָל אונטערהאַלטן די דאָזיקע האָפענונג; די פויערים האָבן דערפילט, אַז עס איז ניטאָ די קאָפּ, וועלכע האָט געגעבן די ריכטונג און געבראַכט צום טאַט דעם גאַנצן פויערטום. דערצו נאָך האָט די אָרימקייט צוגעדריקט. בא אונדז אין די דערפער האָבן קימאַט אַלע געהאַט אַזוי ווייניק ערד, אַז ווילנדיק ניט ווילנדיק האָט מען געמוזט באַארבעטן די פריצישע ערד, קעדיי צו פאַרדינען עטלעכע גראָשן און אָנקאָסען אַף ווינטער היי פאַר די פי. ווי נאָר די אַלגעמיינע הילף האָט זיך נאָך דעם אַרעסט פון „קאָמיטעט” געענדיקט, האָבן די אָרימסטע פויערים אַלץ אָפטער גענומען קלאָגן זיך אַף זייערע באַדערפענישן און אַף זייער גוירל.

אבער דאָס אומרעכט, וואָס זיי האָבן דאָ ניט לאַנג איבערגעלעבט, די דריקונג פון די דראַגונער און קאַזאַקן, וואָס זיינען נאָך אַלץ געזעסן אין די דערפער און געלעבט אָפּן כעשבן פון די אזוי אויך אומפאַרמעגלעכע פויערים, האָט אונטערגעהאַלטן בא יעדערן אין הארצן דעם צאָרן און האַס צו די פריצים, וועלכע האבן אליין אָנגעשיקט די צאָרעס אַף זייערע קעפּ. און אינדערעמעסן, קיינער האָט זיך ניט צוגערירט צו די פריצים, מיט זייערע מאַיאָנטקעס און גוטסעריי, מען האט נאָר ניט געוואָלט גיין אַף אַרבעט פאַרן צעבראָכענעם גילדן אָדער פערציקער, וואָס מע האָט ביז אַהער געצאָלט. און יעדערער קען דאָך זיין א באַלעבאָס איבער זיין מי און האָרעוואַניע! אָט דער פּאָשעטער סייכל פון שטרייק איז פאַרשטענדלעך פאַר אַלעמען, יעדערער האָט געהאַלטן פאַר אַ גרויסן אומרעכט אי די ארעסטן, אי די קלעפּ, אי דאָס איודיעקעווען זיך פון די קאַזאַקן, פּאָליציי און דראַגונער.

— פאַרוואָס? — האָט זיך יעדערער געפרעגט און ניט געפונען קיין ענטפער.

און דאָס האָט נאָך מער פאַרפעסטיקט אונדז אין אונדזער עמעס.

עס האָט זיך געענדיקט די שניטצייט. די פּריצישע „סענאָקאָסן" זיינען נאָך אבער געשטאַנען ניט אָפּגעקאָסעט. די גראָז איז איבערגעוואַקסן און אָנגעהויבן געל צו ווערן. ווי ניט ווי האָט געקלאַפּט אַ שניידמאַשין, באַ וועלכער עס האָט זיך געפּאָרעט אַ כאָלאָפּ, וואָס איז נאָך געבליבן געטריי דעם פּאָרעץ. נאָר אָן די הונדערטער און טויזנטער הענט, וועלכע זיינען נויטיק געווען צו דער ארבעט, האָט מען קיין סאַך ניט געקענט אויפטאָן. דאָסראָוו פלעגן באַ אונדז די פּריצים אָפּגעבן שניידן זייערע „סענאָקאָסן" ניט פאַר געלט, נאָר פון כיילעק. פאַר אויפקלייבן, לאָמיר זאָגן, א דעסיאַטינע, נעמסטו זיך דעם פינפטן, דעם זעקסטן, צי דעם זיבעטן גאַרב; ס'ווענדט זיך אָן די גראָז: אַ שלעכטער „סענאָקאָס"—באַקומסטו דעם פינפטן גאַרב, אַ גוטער—דעם זעקסטן צי דעם זיבעטן. די נויטיקייט אין שפּייז פאַר די פי האָט געטריבן יעדערן צאַרבעטן, באַאַרבעטן קימאַט אומזיסט די גרויסע שטיקער פון פּריצישן „סענאָקאָס". דער יאָר אבער איז געווען זייער אַ שלעכטער פאַר די פּריצים, און אַ יאַם גראָז איז געשטאַנען ניט גערירט.

עס איז אונטערגעקומען שניטצייט. די פּויערים האָבן שוין זייערע פעלדער לאַנג אַראָפּגענומען, און די פּריצישע האָט מען אַפילע ניט אָנגעהויבן, כאָטש דער קאָרן איז שוין לאַנג צייטיק געווען און האָט זיך אָנגעהויבן אויסשיטן. עס האָט נאָך קיינמאָל ניט געטראָפן, אַז ברויט זאָל מען געבן שניידן פאַר אַ כיילעק—אַמאָליקע יאָרן פלעגט מען דינגען פאַר געלט, און איצטער איז מען דערגאַנגען צו דעם, אַז ווייץ, פולע גוטע ווייץ, האָט מען אָפּגעגעבן אַף אַ דריטן גאַרב. נאָר קיינער איז ניט געגאַנגען שניידן, כאָטש מע האָט געקענט פאַרדינען אַ היבש ביסל ברויט.

דער „פּויסטאַוו" און דער „אוריאַדניק" האָבן זיך שטענדיק אַרומגעדרייט איבער די דערפער און געשראָקן די פּויערים, אַז אויב זיי וועלן ניט גיין אַרבעטן צו די פּריצים, וועט מען די אַלע, וואָס מען האָט אַרעסטירט, ניט אַרויסלאָזן פון טורמע. נאָר אַז די סטראַשונקעס האָבן ניט געהאָלפן, האָט מען צוגעטראַכט אַ צווייטן שפּיצל.

שוין אין סאָף יול האָבן זיך אַף די פּריצישע פעלדער און „סענאָקאָסן" באַוויזן אַ סאַך מענטשן. געקליידעט זיינען זיי געווען ניט ווי מיר, נאָר די שפּראַך זייערע איז געווען ענלעך צו אונדזערער. מיר האָבן זיך פאַנאַנדערגעפרעגט, וואָס זיינען עס פאַר אַ מענטשן. לאָזט זיך אויס, אַז מע האָט זיי אויסגעשריבן פון „מאָהילאָוושטשינע", ווי אונדזער גראַף האָט געהאַט נאָך מאַיאָנטקעס. מע האָט זיי באַצאָלט פאַרן וועג, געגעבן שפּייז און 15 רובל אַ כוידעש. אַף די פּריצישע פעלדער און סענאָקאָסן האָבן זיך באַוויזן גאַרבן. אונדזערע פּויערים האָבן זיך אַף אַזאַ פאַל ניט געריכט און האָבן זיך פאַרלאָרן. אייניקע, זיי זיינען געווען גאָר ווייניק, זיינען געשטאַנען פאַר דעם, אַז מע זאָל פונדעסטוועגן צו דער אַרבעט ניט גיין, אָבער די מערהייט האָט אַליין, איינער נאָכן צווייטן אָנגעהויבן זיך באַווייזן צווישן אָט די פרעמדע אָנגעפּאָ-

רענע מענטשן, געמענדיק אין אַכט, אַז מע קען אָנשניידן, כאָטש אַלטע, אָבער אַפּולע היי. (מע האָט געגעבן אַ דריטע גאַרב). אַף די סטעאָקאָסן האָבן גענומען וואַקסן, ווי אין די פֿריערדיקע יאָרן, הויכע סטויגן היי, אין די פּריצישע שייערן האָט אָנגעהויבן ריידן די דרעשמאַשין...

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער האַרבסט. די קאָזאַקן און סאָלדאַטן האָבן פֿאַרלאָזן די דערפֿער. דאָס לעבן איז אַוועק זיין נאָרמאַלן גאַנג. דער גראַף האָט באַפֿוילן זיינע עקאָנאָמען אַרויסצאָלן די פּויערים געלט פֿאַר אַלץ, וואָס זיי האָבן געליטן פֿון די קאָזאַקן און סאָלדאַטן.

די אַרעסטירטע האָבן זיך אומגעקערט אַהיים נאָך לאַנגע אויספֿאָרשונגען און קלעפּ, נאָר אַ סאַך פֿון זיי האָבן געפֿעלט. איינער איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן און מע ווייס ניט ווו, אַ צווייטער אין פֿעסטונג און דאָרטן פֿאַרמוטשעט געוואָרן, א דריטער—אין סיביר א. א. וו. ביאַליק, ווי מע האָט דערציילט, איז אַריינגעפֿאַלן אין פּעטראָפּאַוולאָווער פֿעסטונג און איז שוין פֿון דאָרטן קיין לעבעדיקער ניט אַרויס; א צווייטן, וואָס איז געווען מיט אים איינעם פֿאַרכאַפּט דורך די קאָזאַקן, האָט מען פֿאַרשיקט אין סיביר. ווו איז אַהינגעקומען קולגאַוויטש, מיין פֿעטער און דער לערער האָט קיינער ניט געוווסט (שפּעטער האָט מען זיך דערוווסט, אַז זיי זיינען אין אַמעריקע).

אין די לאַנגע האַרבסטאָוונטן פֿלעגן זיך נאָך, ווי אַמאָל, צונויפֿקלייבן די מאַנסבילן און די יוגנט אַף א זיצונג. אין זייערע שמועסן איז נאָך פֿאַרבליבן א שפּור פֿון איבערגעלעבטן, כאָטש דער ברען האָט געפֿעלט. די באַוועגונג האָט זיך נאָך ניט געענדיקט. אַלע נאַכט פֿלעגט דער טונקעלער הימל באַפֿאַרבט ווערן אין רויטן קאָליר. דאָס האָבן געברענט די פּריצישע סטויגן און שייערן, וואָס אומבאַוווסטע הענט האָבן אונטערגעצונדן, אַלס נעקאָמע פֿאַר די אומגעקומענע כאַווירים. דער פֿייער איז, ווי א לעבעדיקער, אומגעגאַנגען אַלע נאַכט און איינער נאָכן צווייטן זיינען פֿאַרלאָרן געגאַנגען די פּריצישע מאַיאָנטקעס און גוטס. דער פֿייער האָט אויך ניט אויסגעמיידט די גאַלאָכישע מאַיאָנטקעס—ער האָט זיי ניט געשענקט פֿאַר יענע רעדעס, וואָס זיי האָבן געהאַלטן וועגן די רעוואָלוציאָנערן.

קוקנדיק, ווי עס האָט געברענט די פּריצישע און גאַלאָכישע גוטס, האָט זיך יעדער געפֿרייט און געפֿונען כאָטש אַ שטיקל טרייסט נאָך דעם פֿאַרלוסט פֿון די האָפֿענונגען, וואָס האָבן געבליט אין פֿרילינג און אין אָנהויב זומער. נאָר צוזאַמען מיט דער פֿרייד, האָט זיך גאָר איינגיכן, פֿאַרשפּרייט אַן אומרו און א טרויער: דער פֿייער האָט אויך אָנגעהויבן פֿאַרכאַפּן דאָס דאָרף. דאָ און דאָרטן פֿלעגן פֿאַרברענט ווערן עטלעכע ווירטשאַפֿטן און פּונקט יענעמס, וואָס האָט זיך דער ערשטער אַרויסגערוקט אַף אַרבעט צום פּאָריץ. עמעס טאַקע, אַזעלכע האָט מען ווייניק געזשאַלעוועט, נאָר די סרייפֿעס אין דאָרף האָבן אַרומגעכאַפּט ניט נאָר שולדיקע, נאָר אויך אינגאַנצן אומשולדיקע, וואָס האָבן ערלעך אויסגעפֿילט אַלע באַשטימונגען פֿון דעם באַוווסטן „סכאָד”. דערצו נאָך

האָבן זיך באַוויזן פֿינצטערע מעגטשן, וואָס האָבן, צי מיט א קיוון, צי צוליב זייער אומבאַוווּסטזיניקייט, אָנגעהויבן פֿאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז די „סאָציאַלן״ וועלן אַלעמען אונטערצינדן. ווי מיעס און פֿאַלש די קלאַנגען זיינען ניט געוועזן, האָבן זיי זיך דאָך פֿאַרשפּרייט צווישן די פּויערים, געפֿינענדיק אַ באָדן אין די אַלץ אָפּט און אָפּטערע סרייפֿעס. אָט דער סטיכישער אומגליק, וועלכן עס האָבן אויסגענוצט די פּריציש דינער און פּאָליצעיִשע שפּיקעס, און דעם אָנהויב פֿון וועלכן עס האָבן געמאַכט טאַקע די רעוואָלוציאָנערן אַליין, האָט זיך אָפּגערופֿן זייער שלעכט אַף דער געזעלשאַפֿטלעך-סאָציאַלער באַוווּסטזיניקייט פֿון די פּויערים. דידאָזיקע געשעעניש האָבן אויסגענוצט די גאַלאָכים און פּאָליציי, קעדיי אײַנגאַנצן פֿאַרשמוצן און פֿאַרמיעסן די סאָציאַליסטן אין די אויגן פֿון אומבאַוווּסטזיניקן פֿאָלק און פֿאַרשפּרייטן צווישן אים אַ שוואַרצמעיִשע שטימונג. און אין דער צייט, ווען ווינטער פֿון 1905—1906 יאָרן איז אין די שטעט געוועזן אַ שטאַרקע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, איז זי אין די דערפֿער שוין אײַנגאַנצן שטיל געוואָרן. נאָר די באַוווּסטזיניקע יוגנט און די, וואָס האָבן איבערגעלעבט אַף זייערע פּלייצעס די קאָזאַקישע נאַהייקע און שמיץ, האָבן באַהאַלטן בײַ זיך אין האַרצן ביז איצטיקן מאָמענט יענע געדאַנקען, וועלכע האָבן זיך אָנגעצונדן אונטער די ברענענדיקע, נאָר קורצע שטראַלן פֿון דער זון, וואָס האָט געשיינט אין דער רעוואָלוציע פֿון 1905 יאָר און פֿאַרייניקט זיי מיט די ברייטערע און ליכטיקערע אידעאַלן פֿון איצטיקן מאָמענט.

ג. ל. שקלאָווסקי.

# פון פער׳זענלעכע זיכרוינעס.

(באָברויסק־פאַרן 1905 יאָר.)

די אַרבעט פון אונדזער גרופּע האָט אָנגעהויבן גיין פאָרויס „לאַנגזאַם", נאָר מיט זיכערע טריט.

עס זיינען געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלע גרופּע (אַ קאָמיטעט), אַ גאַנצע ריי קרייזלעך, ס׳איז איינגעשטעלט געוואָרן גיט קיין שלעכטע פאַרבינדונגען מיט די קליינע פאַבריקאונטערנעמונגען פון באָברויסק, ווו ס׳האָבן געאַרבעט איבערהויפּט רוסישע אַרבעטער. מיר האָבן אויך איינגעפירט אונדזער „טעכניק".

די טעכניק האָבן מיר געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם כ׳ י. ראַיקין, אַן אַרבעטער פון פרידלאַנדס דרוקעריי, אַ פאַנאַטיש איבערגעגעבענער איסקראָוועץ.

באַטאָג פלעגט ער שלעפן שריפט און אַנדערע דרוק מאַכשירים. און אַף דער נאַכט פלעגט ער איינאָרדענען דעם ווארשטאַט אָדער ער פלעגט דרוקן אונדזערע בלעטלעך. אַכוץ דעם כ. ראַיקין, וועלכער האָט שפּעטער געאַרבעט אין דער מאָסקווער „טעכניקע", און וועלכער אַרבעט איצט אין אַמעריקע (ווי מ׳האָט מיר געזאָגט שטייט ער צו צו די קאָמוניסטן), האָט אין דרוק אקטיוו געאַרבעט אויך דער כ. גאַלינסקי.

די „טעכניק" איז געווען באַ אונדז ניט קיין שלעכטע, ס׳געדענקט זיך מיר, אַז צום סאָף 1904 יאָר האָבן מיר אַפילע אַרויסגעגעבן קליינע בראָשורקעס אַ זאמלונג פון רעוואָלוציאָנערע לידער א.א.וו.

אין דערזעלבער צייט איז געוואַקסן אונדזער ווירקונג, און געוואַקסן זיינען אויך אונדזערע קויכעס, ווי צווישן די רוסישע, אַזוי אויך צווישן די יידישע אַרבעטער. ס׳האָט זיך אונדז איינגעגעבן דורכפירן עטלעכע שטרייקן אַף איינציקע אונטערנעמונגען, ווו ס׳האָבן געאַרבעט אויסשליסלעך רוסישע ארבעטער, וועלכע זיינען ביז דעם ניט געווען פאַרכאַפּט דורך דער באַוועגונג און וועלכע האָבן זיך זייער שווער געלאָזן אָרגאַניזירן. ביזן גרינדן פון אונדזער גרופּע איז די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג געווען נאָר שטאַרק צווישן די יידישע אַרבעטער, און דער פּאָליציי איז ניט שווער געווען צו דערווייזן, אַז „ס׳בונטעווען" נאָר די יידן.

דער פּאָרורטייל קעגן די רעוואָלוציאָנערן „דעמאָקראַטן“ איז געווען זייער גרויס, ער האָט זיך אויך איבערגעטראָגן אויף די רוסישע כאַוויירים, וועלכע האָבן מיטן גרינגדן פון אונדזער גרופּע אָנגעהויבן פירן אַן אַגיטאַציע צווישן די רוסישע ארבעטערמאַסן, אויף זיי האָט מען אָפּט געקוקט ווי אויף מענטשן, וועלכע האָבן זיך „פאַרקויפט די יידן“...

נאָר באַזונדערס איז אַוועק די ארבעט צווישן די רוסישע מאַסן נאָכדעם, ווי מ'האָט באַפרייט פון טפיסע אין אָנהויב מאַי 1904 יאָר דעם יונגן פעדיע סימאָנטשיק, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין איבערגעגעבנקייט, און מיט זיין קענען ווירקן אויף די סאַמע אָפּגעשטאַנענסטע און דערשלאָגענע שיכטן פון די ארבעטער; אַדאַנק אים האָט זיך אונדז אויך איינגעגעבן צו פאַרבינדן מיט די סאָלדאַטן פון באָברויסקער גאַרניזאָן. אַ זון פון אַן אָרימן „פויער“ אַ קיילעכדיקער יאָסעם פון פינף יאָר, פרי אַרויסגעוואָרפן דורך דער נויט אין שטאָט, האָט ער זייער פיל געליטן, ביז וואַנען ער האָט זיך געשטעלט אויף די פיס, און זייענדיק נאָך אַ קינד, האָט ער זיך אָנגעהויבן באַגעגענען מיט די „דעמאָקראַטן“ און איז געבליבן אַ רעוואָלוציאָנער-באָלשעוויק אויפן גאַנצן לעבן, מ'האָט אים ניט איינמאָל געזעצט אין טפיסע, פאַרשיקט און אַרויסגעשיקט, נאָר קיין איין מאָל האָט ער ניט פאַרלאָזט די רעוואָלוציאָנערע רייען: סיי אין שטאָט סיי אין דאָרף, סיי אין פאַרשיקונג, סיי אויף דער פרייהייט.

אין קערענסקיס צייטן, איז ער קוים אַנטלאָפן פון די מענשעוויקעס, וועלכע האָבן געוואלט שיסן דעם פאַרביסענעם באָלשעוויק.

פון די אַקטיווע רוסישע כאַוויירים-אַרבעטער, אַכוץ פעדיען, דערמאָן איך זיך נאָך אָן דעם הויכן באַוער קאָנאַן (פון אַ סטאַראָבריאַדישער מישפּאָכע, וועלכער איז שפּעטער אין דערצייט פון בירגערקריג געפאַלן אַ קאָרבן אויפן מאַירעוופּראָנט) און גרישע דעם גאַרבער (די פאַמיליע געדענק איך ניט). דער לעצטער איז אַגיטירט געווען דורכן כ' סימאָנטשיק און פון אַ פייערדיקן אַנטיסימיט און כוליגאַן איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן איבערגעגעבנסטן מיטגליד פון אונדזער גרופּע. פון באָברויסק איז ער דערנאָך איבערגעפאָרן ערגעץ קיין פוילן, ווו מ'האָט אים אַרעסטירט און פאַרשיקט אין סיביר, און דאָרטן איז ער געשטאָרבן פון טובערקוליאָז.

אין מיין זיקאָרן האָט זיך נאָך פאַרהיט, ווי איך האָב זומער 1904 יאָר דעזשורעט עטלעכע טעג ערגעץ אויף אַ בייסוילעם ניט ווייט פונם ציגלזאַוואָד, אויף וועלכן די אַויבעטער, אַדאַנק פעדיעס אַגיטאַציע, האָבן געשטרייקט. דאָס זיינען געווען די סאַמע אָפּגעשטאַנענסטע אַרבעטער, ערשט נעכטן אַרויסגעוואָרפענע פון דאָרף און אַרונטערגעפאַלענע אונטער אַ געוויסנלאָזער (אומבעראכמאָנעדיקער) עקספּלואַטאַציע. פעדיע האָט זיך די גאַנצע צייט געפונען צווישן זיי און פון צייט צו צייט פלעגט ער קומען צו מיר אויפן בייסוילעם אַ באַריכט אָפּגעבן אדער אַן אייצע פרעגן.

מ׳האָט זיי אַף אַ מינוט ניט געטאָרט איבערלאָזן אַליין, דער שטרייק האָט יעדער מינוט געקענט ווערן אונטערגעריסן.

דעם שטרייק האָבן די אַרבעטער אויסגעשפּילט, און דער אַוטאָריטעט פון „איסקרא״ האָט זיך שטאַרק אופגעהויבן אַפילע אַף דער בונדישער בירזשע.

ס׳זיינען פאָרגעקומען אויך אנדערע שטרייקן. וועגן שטרייק אַפן זאַוואָד פון סוּוענגאָרזשיצקי און סעמאזשעווסקי האָבן מיר אַרויסגעלאָזן אַ פּראקלאַמאציע אין 1000 עקזעמפּליאַרן (זע נומ. 66 „איסקרא״ פון 15 מאַי 1904 יאָר אין דער אפּטיילונג „פון פאַרטיי״).

---

אין דעקאַבער 1904 יאָר האָב איך פאַרלאָזן באָברויסק, צו יענער צייט האָט די אָרגאַניזאַציע „איסקרא״ געציילט 150 מיטגלידער, איך קען ניט דורכלאָזן אין מיינע זיכרוינעס וועגן באָברויסק די פאָלגנדע געשעעניש, וועלכע איז זייער אינטערעסאנט פון שטאַנדפּונקט פון מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע. צווישן די באָברויסקער איסקראָווצעס איז געווען אַ יונגער אַרבעטער מ. קאָלעסניקאָוו, אַ ייִנגל אַ ברען, אַ דרייסטער באַיעוויק.

נאָך אין אָנהויב 1906 יאָר האָט ער זיך באַקאַנט מיט איינעם אַ קאָזאַקישן אָפיצער פון אַ פּאָלק, וואָס איז געשטאַנען אין באָברויסק, זיי האָבן אָנגעהויבן צוזאַמען טרינקען און קאָלעסניקאָוו האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אונדז, וועגן וואָס מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט.

ווען איך בין אָנגעקומען אין באָברויסק אין פרילינג 1906 יאָר, פאַר שטאָקהאָלמער ציוזאַמענפאָר, האָב איך געדאַרפט אַרויסטרעטן אַף אַ פאַרזאמלונג. פאַרן עפענען די פאַרזאַמלונג איז צו מיר צוגעגאַנגען קאָלעסניקאָוו און האָט מיר אָנגעהויבן איינרעדן, אַז איך זאָל באַלד אוועקגיין, ווייל די פּאָליציי ווייסט וועגן אונדזער פאַרזאַמלונג און האָט אַוועקגעשיקט נאָך קאזאַקן.

די פאַרזאַמלונג איז פאַנאַנדערגעלאָזט געוואָרן און אין אַ מינוט 10 אַרום איז אָנגעקומען פּאָליציי מיט קאָזאַקן אַרומגערינגלט דאָס הויז, אָבער זיי האָב שיין קיינעם ניט געטראָפן.

אין דערזעלבער צייט פאַרן אַוועקפאָרן קיין באָברויסק האָט מען מיר איבערגעגעבן דורך דער מאָסקווער ביוראָ פון צ. ק. קריגן אומבאַדינגט פּאַספּאָרטבלאַנקען. איבעריידנדיק אין באָברויסק מיט די כאַווייריִם, האָבן מיר באַשטימט מאַכן אַ אָנפאַל אַף וואָסער ניט איז וואָלאָסטפאַרוואַלטונג און קאָנפיסקירן די נויטיקע בלאַנקען.

דער גוירל איז געפאַלן אַף סטעפּיער וואָלאָסטפאַרוואַלטונג, וועלכער געפינט זיך אַ וויאָרסט 15 פון שטעטל פּאריטש.

צו דער אַרבעט האָבן מיר צוגעצויגן אונדזער בעסטן באַיעוויק קאָלעסניקאָוו, און אין עטלעכע טעג אַרום זיינען מיר מיטן שעף געקומען קיין פּאַריטש. דאָ האָט אַ באַקאָנטער באַלעגאָלע געדארפט צושטעלן אין רעשוס פון

אונדזערע כעוורע אַ פּאָר פּערד, אַף וועלכע זיי האָבן עלף אַזייגער באַנאַכט געדאַרפט זיך לאָזן אין וועג מיט אַזאַ רעכענונג, אז קיין סטעפּי זאָלן זיי אָנקומען אַזייגער צוועלף, איינס באַנאַכט. נאָר אַז ס׳איז געקומען נעענטער צום פֿאָרן, האָט קאָלעסניקאָוו אָנגעהויבן מיך איינצוריידן ניט טאָן דאָס, ער איז געווען ווייט פֿון אַ שרעקנדיקן און כ׳האָב געשום אויפֿן ניט געקענט פֿאַר־שטיין די סיבּעס, פֿאַרוואָס ער רעט מיר אָפּ פֿון דורכפֿירן דעם פֿאַרקלערטן עקס. כ׳האָב אַוועקגעשיקט צוויי כאַוויירים אַ קוק טאָן, צו ס׳איז ניטאָ קיין איבעריקער אוילעם אַפֿן גאַס.

זיי זיינען אַרומגעגאַנגען אַביסל איבער די גאַסן און צוגעגאַנגען צום טייך (קעדיי פֿאָרן קיין סטעפּי האָט מען געדאַרפֿט איבערפֿאָרן די בערעזינא), נאָר דאָרטן האָבן זיי דערזען באַם פּאַראָם דעם אוראַדניק. זיי זיינען פֿאַר־גאַנגען צו באַקאַנטע, וועלכע האָבן געוואָינט באַם טייך, און יענע האָבן דער־ציילט, אַז דער אוראַדניק שטייט שוין אזוי אַ פּאָר שאָ באַם פּאַראָם אָן קיין שום פֿאַרשטענדלעכער סיבּע ...

אין אַ שאָ אַרום איז ער נאָך אַלץ דאָרט געשטאַנען.

אומגעפּער אין אַ יאָר אַרום איז קאָלעסניקאָוו געווען דערמאָרדעט דורכן ס.־ר. כ. דיווין. נאָכדעם, אז כ׳האָב זיך דערוווּסט, אַז קאָלעסניקאָוו איז אַ פּראָוואָקאַטאָר, — האָב איך זיך דערמאָנט וועגן די צוויי דורכפאַלן, וועלכע ער האָט געוואָרנט, און כ׳האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז דער געשטרויכלטער באָכער האָט דאַן איבערגעלעבט שווערע מינוטן: דער איסקראָוועץ האָט זיך געראַנגלט מיטן פּראָוואָקאַטאָר ...

1-טער אָקטיאַבר 1925 יאָר.

# א י נ ה א ל ט.



---